# CONTROL TEST TARGET
# for Kodak Quality Monitoring















Aa Bb Cc Dd Ee Ff Gg Hh Ii Jj Kk Ll Mm Nn Oo Pp Qq Rr Ss Tt Uu Vv Ww Xx Yy Zz

Aa Bb Cc Dd Ee Ff Gg Hh Ii Jj Kk Ll Mm Nn Oo Pp Qq Rr Ss Tt Uu Vv Ww

Note: This target is intended for routine quality control checking and uniformity.
It is not to be used for certification of meeting any ANSI or ISO Standards for image quality requirements.
Note: To record background density, use a blank sheet of white paper.

A-2289 CAT 800 7403 Rev. 2/00 @ Eastman Kodak Company, 2000 Printed in U.S.A.

Document Imaging
EASTMAN KODAK COMPANY
Rochester, New York 14650
1-800-232-8811

DOCUMENT IMAGING



Ravitch, Melech.
Blut oyf der fon :
sotsyale drame in elf
bilder.
Vilne, 1929.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004-1881.10

**Ravitch, Melech, 1893-1976.**
Blut oyf der fon : sotsyale drame in elf bilder.
Vilne: Farlag fun B. Kletskin, 1929.
Varying form of title: Krew na sztandarze.
153 p. ; 21 cm.

1. Yiddish drama.—lcsh
I. Lithuania-Vilnius

ID: NXYH01-B20116 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: 106199

Reduction ratio X 10.0

מלך ראַוויטש

# בלוט אויף דער פּאָן

סאָציאַלע דראַמע



ווילנער פאַרלאַג
פון ב. קלעצקין
ווילנע — 1929

מלך ראַוויטש

# בלוט אויף דער פאָן

סאָציאַלע דראַמע אין עלף בילדער

ווילנע – 1929

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

PRINTED IN POLAND

Mełech Rawicz / Krew na sztandarze
Dramat społeczny w jedenastu obrazach
Druk i nakład B. Kleckina
Wilno 1929
= Drukarnia „Wydawnictwo Wileńskie" =

## די עלף עטאפן:

קריגסגעפאנגענע
זוענטל
געריכט
לאָזט איבערטאָגנן
הינטער לעמבערג
דאָלארן
לוויה
ערב ערשטן מאי
טעאטערפלאַץ
אויף דער בריק
,,פאַרטאָג אין תפיסה".

ערשטער עטאַפּ

# קריגסגעפאנגענע

1918. אקטאבער. קיעוו. פערספּעקטיוו: דאָס אינערע פון א לאנגן געפאנגענע־באראק. צעווארפענע טישן, בענק און נארעס. שטרוי און מיסט אומעטום פארשיט. אויסגעשוירענע צייטונגסבילדער קרימען זיך פון די ווענט אראָפּ. פאַרנט ביי א טיש, וואָס הענגט אראָפּ אויף צוויי פיס, זיצט א גרופּע פון געפאנגענע עסטרייכישע סאָלדאטן. אפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע.

ערשטער קריגסגעפאנגענער
צווייטער קריגסגעפאנגענער
דריטער קריגסגעפאנגענער
ערשטער רויטארמייער
מאָטע שטשערב

ערשטער קריגסגעפאנגענער
און איך האַלט מיך ביי מיינס:
בעסער איז דער קייזער שוין געוועזן.
וואס איז דער מענטש אימשטיינסגעזאָגט? א פערד,
גיב דריי טאָג אים נישט צו פרעסן
ווערט פון אים א שלאָף שטיק ערד
באָטש טרעט אויף אים, באָטש רייס אים מיט אן אקער.
אונזער קייזער — זייער קייזער,
ביידע האָבן דאָס פארשטאַנען.

האָבן ברויט געגעבן, געל און זאמדיק, אָבער צו דער זעט.
און נאָכן געלן ברויט א שווארצן ציגארעט.
און איצטער? נישט קיין ברויט און נישט קיין וואַסער,
עס זשאווערן די קראַנען.
מען וואָלט אהיים אַנטלאָפן. ווער אויף אַ שטיקל דאך,
ווער ביי די רעדער דאָרט —
שטייען טויט די באַנען.
און צו פיס צו שפּאַנען?
טויזנט מייל — אַ מענש קען צענמאָל פאַלן·
און אויף יעדן שריט — אטאמאנען.
זיבן טויטן לאָקערן אויף יעדן מענטש,
זיבן מענטשן וואַרטן אויף א יעדן טויט.
דאָס לעבן איז שווער און דער טויט איז נישט גרינג.

### צווייטער קריגסגעפאַנגענער

און אויף יעדן שריט אַן אנדער געטאַנץ,
און אויף יעדער גאַס אַן אנדער געזינג.
מיט א ניכטערנעם מאָגן, מיט אַ האַרץ א שלאָפן:
זינגט איראָניש
שטייט אויף איר אונטערדריקטע שקלאַפן — —

### דריטער קריגסגעפאַנגענער

שטייט אויף — אויף וואָס?
די פיס ליגן, ווי קלעצער — מאָך וואַקסט אויף זיי,
כאָטש נעם, צעהאַק, טרוקן אויס און הייץ.

### ערשטער קריגסגעפאַנגענער

פוסט דער באַראַק —
אין שטאָט א מורא א יידן צו זיין.
וואָלט עמיץ כאָטש א ציגארעט א נישטדערברענטן דאָ געהאַט
אונטערצוצולעגן דאָס האַרץ
מיט אַ ביסעלע רויך.
די גוים זיצן אין שטאָט,



מען לויפט — לויפן זיי מיט,
מען שיסט — שיסן זיי מיט,
ברויט צו פרעסן איז נישטאָ
פאַרגיסן זיי בלוט,
קומען ביינאַכט און זענען זאַט
פון פאַרגאָסענעם בלוט.

### מאָטע שטשערב

פאַרשטאָפּ דיר דאָס מויל פאַר די רייד.
א פּחדן בין איך, בלוט רינט מיר נאָך
אזוי ווי א ריטשקעלע הינטער מיר,
וויל מיט אַ רויטער צונג א לעק טון די פיס —
די באָרוועסע,
דורך די לעבער פון די שיך וויל עס אריין.
וואָלט דער טויט געקומען אזוי
א טרוקענער אין שלאָף ביינאַכט,
איי וואָלט גוט געווען.
רינט ער אָבער אינעם בלוט ארום
אין די רינשטאָקן פון גאַס.

### צווייטער קריגסגעפאַנגענער

נאַ דיר א נייעם קהלת-זאָגער,
נאַ דיר א נייעם איכה-קלאָגער!
וואָלט נאָר געלט געווען!
מיין טאַטע פלעגט זאָגן, אז ביי פּאָניען
קענסטו אפילו דעם מלאך המוות אונטערקויפן
ביי דער שוועל פון יענער וועלט
און אהיים אנטלויפן —
זינגט מיט א גמרא־ניגון
איי, ווו נעמט מען? איי, ווו נעמט מען
א פּאָר זילבערנע קערבעלעך?

ערשטער קריגסגעפאנגענער

און איך זאג, אז א קייזער איז פארט א קייזער,
און דער אייגענער דער בעסטער טאקע.
ווען די וועגן וואלטן נישט צו רזשיקעס בלוט געווארן
זינט יענעם יאר,
וואלט איך לאנג שוין פיס געמאכט צוריק צו אונזער היים
און קייזער.
פארט אן אייגענער, א טאטע, האט א יידיש הארץ
פארשטאנען.
און ווען נישט די שרעק, וואלט איך נישט פון זיין
מיליטער אנטלאפן.
נור די שרעק האט אנגעכאפט, אריין ווי א ווינט אין די פיס
און געטון א ריס.
גיכער ווי א ביקס, גיכער ווי די דריי ביקסן, וואס האבן
נאכגעשאסן.
דער שוויים האט קאלט און היים באגאסן,
און — דאס בלוט איז געבליבן אין אייגענעם הארץ.
און צו וואס? צוליב דעם א איצט?
נישט קיין דאר שטיק ברויט אין קעשענע, אמאל א קניפ
צו טון,
און זעלטן א זיפ וואסער אין בלעכערנעם בעכער,
און די קולות אין גאס און די שאסן אין גאס,
וואס שטארקער מען שיסט, זינגט מען אלץ העכער.

דריטער קריגסגעפאנגענער

עפעס מאכן זיי — זאגט מען — א ניי מיליטער,
פון אלע פעלקער — איין פאלק,
פון אלע פולקן — איין פולק,
אויף שבעים לשונות וועט מען רעדן,
ברויט צו דער זעט, און שיך אויף די פיס,
און אויף שבעים לשונות וועט מען זינגען —
עפיס איין ליד, איך וויים נישט ווי מען רופט עס.



כאפט דער וואטנמאכער, כ'האב אליין חשק מיטצוגיין —
נור די פיס, די פיס וואקסן אין דער ערד אריין,
צעבויגן ווי די ביימער-ווארצלען פון רעוומאטיז —

מאטע שטשערב

ווער האט דיר געזאגט? אזוי, טאקע אזוי? אות באות?
פון אלע חלומות איז עס דער חלום,
פון אלע מלחמות דער סוף און דער שלום —
מ'איז פארוואקסן דא אין שרעק, ווי א דארע פליג אין
שפינגעוועבעכץ —
מ'עט זיך א ריר טון, מ'עט לעבעדיק ווערן צוריק,
חברים, איך וועל מיטגיין.

צווייטער קריגסגעפאנגענער

האט זיך אויפגעכאפט צו זאגן אמן נאך אן אלטן קידוש,
האט באנייט א נייעם חידוש.
איי טיפש, טיפש — די וואנצן אויף די וועגט רעדן שוין
דערפון —

ערשטער קריגסגעפאנגענער

און די לייז לאכן.
קיין ברויט און קיין היים און קיין שלום וועט נישט זיין
פון די זאכן.

מאטע שטשערב

אפשר וואלט די שרעק פון הארץ אנטרונען,
ווען אלע וואלטן זיך צונאנדגענומען,
אלע יידן און אלע גוים, אלע וואס ווילן עסן —

ערשטער קריגסגעפאנגענער

און די, וואס ווילן טרינקען בלוט?

באָבע שטשערב

אלע מענטשן פון דער וועלט·
אזוי ווי מ׳האָט אין שטעטעלע אמאָל געחלומט
ביי דער ניימאשין, זיינער איינס ביינאכט, נאָך אין טיפן שלום,
אזוי ווי ס׳האָבן די ביכער פון די וועלט-חכמים אויך געלערנט,
דער גרויסער למדן קארל מארקס און דער חכם פערדינאַנד לאַסאַל,
אז אין דער אייניקייט פון אלע ארימע
איז דאָס גליק פון אלע, אלע.
און קיין מענטשלעך בלוט וועט מער נישט רינען,
נישט אויף שלאַכט-פעלדער, נישט אויף גרויסע גאסן
און נישט — אין נעכט ביי ניימאשינען —

ערשטער קריגסגעפאנגענער

ברודערקע, דער וועג וועט דיך אהיים נישט פירן —

מאַטע שטשערב

וואָס מיר היים, ווער מיר היימן
ווו אָרימע מענטשן, דאָרט איז מיין היים.
אומעטום איז מיין היים.
אמאָל ווען איך האָב נאָך א כלה געהאט
האָב איך אנדערש געטראכט פון א היים — אָבער היינט?
פארזונקען, כמעט צו זיך
זי האָט געשריבן, געשריבן, ווי אלע כלות שרייבן,
גאָלדענע ווערטער, הארציקע ווערטער — ביז איינמאָל אין אזא בריוו:
זי קען נישט ביז אין גרויען צאָפּ אריין זיצן בלייבן ווארטנדיק.
און די שלאַכט נעמט נישט קיין עק, און הונגעריק
איז מען יעדן טאָג, און איצע איז אזש פון אמעריקע,
געדענקסט דאָך איצען? געקומען צוליב מיר צוריק,
איין אויג אין קאָפּ, האָט ער פאר די זעלנער נישט קיין מורא,



און דאָלארן האָט ער אנגעקליבן אויך אביסל, לאָז אָפּ דעם שידוך.
מען מיינט נישט אומזיסט — —
האָב איך אָפּגעשריבן: טו ווי דיין הארץ גלוסטן
האָט זי נישט געענטפערט מער.
איך האָב נישט קיין היים, סיידן דעם מייסטערס ניימאשין,
דער טאַטע אין קבר, די מאמע אויף יענער וועלט —

צווייטער קריגסגעפאנגענער

דו ביזט מיר דער ריכטיקער מענטש צו דעם נייעם מין מיליטער.
נאָר איינס איז מיר נישט קלאָר,
אז דאָס מויל זינגט מיט זיבעציק לשונות,
מיט וויפל קוילן שיסט זייער געווער?

מאַטע שטשערב

רעד נישט אזוי און לעסטער נישטן
ווער רעדט פון שיסן?
א מיליטער פון וויסן. וויסן איז די גרעסטע מאַכט!
איז געשטאַנען בפירוש מיט גרויסן שריפט אויף די ווענט
ביי אונז אין פאריין.

דריטער קריגסגעפאנגענער

אפשר — אפשר ווען געזונט וואָלט נאָר געסטאַיעט.
אפשר וועט דאָס נייע חייל עפענען א ניי שפּיטאָל,
וואָלט איך אויך געווען א בעלן אויף א בעט.
אבי געזונט, אביסעטשקע געזונט אהער,
ווער איך אויך א פרייער אין דעם נייעם מיליטער.

ערשטער רויטארמייער

קומט אריין. ריזנגעשטאַלט· רוסיש טעלער-היטל אויף אן אויער לינקס. אויפן היטל רויטע שליף, כוואטסקע, ווי א פויערישער חתן-סימן, אָנ־געטון. סאַלוטירט מיט דער ביקס. בלייבט שטיין אין אכטונג-שטעלונג, ביקס ביי פוס.

טאָוואַרישטשין
גענאָסען!
קאמעראדאָסן
טאָוואַזשישעו!
חברים!
אי ך  רעד צו אייך,
אַ זון פון דער וואָלגע,
א קינד פון דער רוסישער ערד,
זי איז א שוועסטער פון אלע ערדן,
און איז א מאמע צו אלע פעלקער,
איך קום צו אייך אין נאָמען פון דער ארמיי פון א פרייער,
ארמיי פון אינטערנאציאָנאל,
מיר לייגן א פעלקער-פונדאמענט
צו א ניי רעגימענט,
דער נומער איז טויזנט איינס,
רעגימענט פון דער וועלט,
מיר וועלן צעברעכן די אייזערנע ווענט,
וואָס שטייען צווישן פאָלק און פאָלק
און שטייען צווישן לאנד און לאנדן
צווישן איין מענטשלעך הארץ און אַ צווייטן הארץ
נישטאָ קיין וואנטן
איך בין א סאָלדאט פון דער לעצטער ארמיי,
ארמיי פון אלע ארבעטער-הענט,
ווער א מענטשלעך הארץ — מיט אונזן ווער אן ארבעטערס הענט — מיט אונזן
אונזערער א בראט, א רעוואָלוציאָנער,
אין דער רעכטער האנט דאָס געווער — אין דער לינקער איז דער האמער,
אין אָט דער שטאָלענער צוואנג, אין אָט דער שרעקלעכער קלאמער
וועלן מיר האלטן די וועלט — א צוגליטן אייזן-שטיק —
און שמידן מיט אומגליק-קלעפּ אין איר גליק.



ברידער, איך פרעג אייך נישט
פון וועלכן לאנד איר קומט און וואָס פאר א לשון איר רעדט,
די גאנצע ערד איז איין מאמע.
אויף אלע ערדן וואקסט דאָס ברויט
און אלע דארפן עס עסן צו זעט,
איין מאמע זון זינגט פון אויבן אראָפּ,
איין טאָג איז פאר אלע, און ס'איז פאר אלע
אצינדערט די גרויסע שעהן
ווער קעגן אונז איז, וועט באַלד זיין שטויב
אונטער אונזער אַלעמענס פיסן
ברידער, זייט וואָכעדיק, ווער קען דען זיין טויב,
ווער קען דען זיין בלינד, ווען עס שטייט אויף דער ריז,
די גרויסע און איינציקע האנט פון דער וועלטן
שטייט יעדן פרימאָרגן איבער די דעכער, אזוי ווי אַ רויטע ריזן-פויסט,
אונזער פרימאָרגן, אונזער זון, און העכער גייט זי, אלץ העכערן
מיט אונז דער רעוואָלוציאָנער,
הייליק איז דאָס געווער,
וואָס ער נעמט איצט פון אונזער האנטן
ארמיי פון ארמייען איז אונזער נאָמען,
טויט פון באדריקער איז אונזער נאָמען,
און גליק פון דער וועלט די פרוכט —
(קלאַפּט מיט דעם געווער אין די לעכערדיקע, טאַנצנדיקע ברעטער פון דער בריק)
פארפלוכט — —
זענט איר טויט, קאמעראדן ?!
צילט דאָס געווער אויף זיי
אָדער דארף מען אייך וועקן פון שלאָף ?!

## ע ר ש ט ע ר  ק ר י ג ס ג ע פ א נ ג ע נ ע ר

מיר הערן, מיר ווילן באַנעמען, מיר הערן דאָס ערשטע מאָל,
אוודאי וועלן מיר נישט זיין פון די לעצטע. (בלייבט זיצן)

צווייטער קרינסגעפאנגענער

נישט דער ערשטער מיט ווערטער פון ברויט אויף די ליפן,
נאר דו ביסט דער לעצטער. אוודאי דער לעצטער.
אויף טויזנט ווערטער כאטש איין קריש ברויט גיב צו זען.
איז נישט היינט, איז מארגן, מען וועט מיט דיר גיין.

(בלייבט זיצן)

דריטער קריגסגעפאנגענער

(שטרעקט אויס צודרייטע פיס)

פון די רעשטלעך בין איך, א מענש פון די רעשטלעך,
שטעל מיך אויף די פיס, וועל איך גיין מיט דיר, חבר.

מאטע שטשערב

(איז די גאנצע צייט געשטאנען אין ווארטלאזער אנטציקונג. ווי א עכא:)

זענט איר טויט, קאמעראדן,
אדער דארף מען אייך וועקן פון שלאף?

ערשטער רויטארמייער

(מיט א שפיי אפ)

מאטע שטשערב

(מאגנעטיש צוגעצויגן צו אים גייט אים נאך)

אדער דארף מען אייך וועקן פון שלאף? —

(די דריי קריגסגעפאנגענע מאכן פוילע באוועגונגען, דער פארהאנג פאלט אומוויליק און מיט קורצע פויזעס.)



## צווייטער עטאפ

# וועבטל

הערבסט. פינסטערער פארטאג. אין הינטערגרונט א צעלעכערטע, אלטע און קרישלדיקע וואנט, שוואך באלויכטן פון עפעס א וואקלדיקן לאמטערן, וואס מען זעט אים נישט. עס הערן זיך אלעמאל שאסן פון ווייטן, געשריי און געזאנג פון מאסן — ווירקן נאך שרעקלעכער, ווייל עס איז פארטאג ערשט.

ערשטער רויטארמייער
צווייטער רויטארמייער
דריטער רויטארמייער
פארמשפטער זאלץ-סוחר (באוואקסענע, האריקע, אפגעלאזע־נע, יידישע געשטאלט)
מאטע שטשערב

(אלע פינף קומען אריין. סוחר אין מיטן. סוחר גייט שווייגנדיק און ווידערוויליק אליין צו צו דער וואנט. ווי א חיה אין שטאל צו איר פלאץ. בארוועס. בלויז הויזן און העמד אויף אים.

פארמשפטער סוחר

דעם ווייב און די קינדער לאז איך איבער די שיך,
צוויי גרויסע לאבן ברויט די ווערט.
דעם מאנטל מיטן היטל — באהאלט זיי נישט, גנב —

(דערשרעקט זיך אליין פארן ווארט)

דעם טאטן מיט דער מאמען,

ווינען מיט מיין ווייב צוזאַמען
ווינען און (ווי א ווייב צעכליפּעט פּלוצים) וואַרטן אויף מיר.
בירגער, סאָלדאַטן, איר האָט גוט געהערט, ווי איך פאַרטייל
מיין (כליפּעט ווידער) אָרעמע ירושה!?
און די הייזקע, און די ערד, וואס איז אונטער אים,
גיב איך אוועק — —

ערשטער רויטאַרמייער
האנדל נישט מער מיט איר,
זי איז אַלץ איינס נישט דיין.

צווייטער רויטאַרמייער
(גייט צו צום סוחר, נישטערט אין זיין העמד)
און די אסיגנאַציעס? האָסטו זיי פאַרשלונגען? (רייסט
זיין הויט)
אָדער פאַרנייט אונטער דער הויט?
קיין זאַלץ און קיין ברויט
וועסטו דאָך שוין מער פאַר זיי נישט קויפן
און דיינע בענקאַרטעס וועט מען זיי נישט נאָכטראָגן.
זיי כאַטש איצט א לייטישער בירגער
און גיב פאַר סאָלדאַטן
אויף א ציגאַרעט צו קויפן.
פאַר גאַנצע קרינט מען באַלד א דרעק שוין היינטצוטאָג,
פאַר צעלעכערטע און צעבלוטיקטע — —

סוחר
(פּלוצים וואַכעדיק, האַפּערדיק, רעדט אין אויער פון סאָלדאַט)
עס איז דאָ.

עס איז דאָ א ביסל, אָבער רעכטע און גוטע.
גיי נאָר, פליק נישט די הויט, ווער באַהאַלט דען דאָרט?
אָבער אליין וועסטו נישט געפינען,



ווען דו זאָלסט מיך אויסקנעטן אפילו ווי א טייג.
רעד איבער מיט די אַנדערע בירגער,
איך וויל אָפּקויפן ביי אייך דאָס בינטל ביינער מיינע
מיט דעם פלייש און מיט דער גאַנצער הויט צוזאַמען,
כ'וועל גוט באַצאָלן, אזוי ווי פאַר רינדערן פלייש,
און ס'איז דאָך נאָר מענטשלעכעס,
פאַרשטייסט א געשעפט? איך גיב געלט און איר — א שווייג.
שיסט אוים די קוילן, דאָס ווענטל וועט אַן עדות זיין,
בלוט איז דאָ גענוג אויף אים,
איר האָט געשאָסן, דאָס איז דער עיקר,
די ערד וועט איר אויפגראָבן און צולייגן א ליידיקע צוריק,
וועט זי מיך אויפמאָנען שפּעטער מיט א יאָר. —

ערשטער רויטאַרמייער
(האָט ביז איצט שווייגנדיק צוגעקוקט)
גענוג די סודות!
אָדער ווילסטו, חבר, מיטשטיין ביי דעם ווענטל?!
ווילסט דעם בירגער אונטערהאַלטן, ס'זאָל אים נישט אזויפיל
שרעקן?!
וואָס פאַרא שאַכער-מאַכער דאָרטן? שעמסטו דיך נישט,
סאָלדאַט פון דער פעלקער-ארמיי!

מאַטע שטשערב
אפשר וויל ער עפּעס זאָגן?
א מענטש פאַרן טויט — האָט עפּעס צו זאָגן.
אפשר צום געריכט — נישט גענוג געוואָרן אויסגעהערט.
דער משפּט וועט נישט ווערן אָנגערירט און נישט געשטערט,
און פאַר דער גערעכטיקייט איז איינמאָל נאָר צו שפּעט,
(בייגט זיך אין דער זייט פון זיין ביקס) ווען זי האָט גערעדט
איר האַרבן שפּרוך, וואָס איז אייביק דער לעצטער.

ערשטער רויטארמייער

ווער זענען מיר דאָ? א רויטער געריכט, אָדער רויט מיליטער?
ווער האָט אונז דאָ געשיקט אהער?
דאָס געריכט — טאָ ווערזשע זענען מיר? אויך ריכטער?
אויב אַלע וועלן משפטן, וועט קיין גערעכטיקייט נישט געשען.
עס משפט דער, ווען דאָס פאָלק האָט געמאַכט פאר א שופט.
און עס שיסט דער, ווער ס'האָט זיך אליין דעם שפייער
גענומען.
פארגעסט נישט סאָלדאטן, אז פון דאַנעט ביז אהין (מיט דער
קאָלבע צום ווענטל)
איז נאָר צוויי ארשין!

צווייטער רויטארמייער

און מיין פויערן־קאָפּ זאָגט מיר:
א קלוגער מענטש הערט אויס,
אפשר האָט זיך זיין געוויסן גערירט,
אפשר סודות גיט ער אויס?

ערשטער רויטארמייער

שכלדיק געזאָגט,
א מענטש איז ווי א קרוג א גלעזערנע,
ווי לאַנג ז'איז גאַנץ, קאָנסטו זי נוצן ווי דו ווילסט,
קוים כאַפּט זי נאָר א שפרונג — איז אויס.
מען דאַרף אים פריער ליידיק מאַכן אַט דעם הונט,
א סוד — ארויס מיט אים,
איין רגע שפּעטער וועט שוין זיין צו שפּעט אויף אייביק.
צום ווענטל איז קיינמאָל נישט צו שפּעט,
און ווענטלעך זענען דאָ,
צו פיר אין יעדן הויז — —
און קוילן,
צו זיבן אין א יעדן גוטן זעלנערס ביקס — —
באַפעל:



קורצער, געהיימער ראט!
און דו (צו מאַטע שטשערב) ווייכער האָז,
שטייסט און היטסט
זיין קאָפּ פונקט ווי דיינעם!
(גייען זאלבעדריט אויף לינקס, מען זעט זיי קוים אין געהיימען שמועס
ענג צוזאמענגערוקט)

סוחר

(געסטיקולירט שטיל. ענערגיש און אײלנדיק)
הער מיך, פאָלג מיך, חבר בירגער, ברודער,
לאָז אנטלויפן, אנטלויף צוזאמען,
מיין סוף איז שוין דאָ, דיינער וועט נאָך קומען,
איך קען דעם וועג, דער מאָרגן וועט א היפּשע שעה נאָך
פינסטער זיין,
די עלעקטריע שטייט, נעם מיט די ביקס,
געלט האָב איך, וועט מען קויפן נאָך איינע,
מיר וועלן גיין און אנדערע צום ווענטל שטעלן,
דער עיקר די ביקס, די ביקס,
צען שריט פון זיי, קום אוועק צען שריט,
(מיט לעצטער, משוגענער הינטערליסט)
קום צו מיר א היים, די דריטע גאס, א ווארים איבערבעט,
א הייסער מאָלצייט און מיין ווייב, א יונגע און א הייסע.
וועסט זי האָבן א פּאָר טעג, וועסט ליגן און שלאָפן, ביזט דאָך
נאָך יונג —

מאַטע שטשערב

(פרעמד און מיט שרעק)
אָבער אויף דיין קאָפּ הענגט דאָך די שטראָף
פון דער הייליקער רעוואָלוציע,
דו ביזט מיסט אויף דעם אקער פון דער נייער צייט,
אין דיין ווייטערלעבן האָט דאָס געריכט
געזען ס געפאַר —

(מיט וואַקסנדיקער שרעק כאַפּט ער אָן דעם סוחר ביי דער האַנט און דערדריקט זי אים ממש)

דער סודר

(פאַרשטאָפּט זיך די אויערן מיט די הענט)

א רגע פאַר, טויט וועל איך נאָך טויב ווערן דערפון,
נאַר, נאַר, נאַר!
מיט א שלעכטן מענטש איז בעסער ווי מיט א נאַר,
א שלעכטן קען מען אונטערקויפן,
אָבער ביי א נאַר ביזטו פאַרפאַלן, וועסט נישט אַנטלויפן —
נו, מיט זאַלץ האָב איך געהאַנדלט,
מיט זאַלץ, פאַרשטייסט, מיט זאַלץ,
גאַנצע דערפער מיט זאַלץ פאַרזאָרגט,
זיי וואָלטן אויסגעפגרט, משוגע געוואָרן אָן זאַלץ —
משוגע, הערכט, גאַנצע, גרויסע דערפער משוגע,
מיט די ווייבער, מיט די קינדער און מיט די אַלטע לייט.

(די רויטאַרמייער קומען צוריק אַריין)

ערשטער רויטאַרמייער

אין נאָמען פון דער רעוואָלוציע, פאַר איר גליק און איר
געדרייען.
האָבן מיר באַשלאָסן איינין און אין דרייען
דאָס לעבן דיר צוריקצוגעבן!
אָבער ווי וועט זיין צו דיר, ווען דו וועסט ווידער ווערן
א מאַשעניק.
דאָס געלט אָבער וועט מען פריער זען ,
ווער ווייסט, צי ס'איז דיין לעבן ווערט?
גלויבן אויף דיין וואָרט — הייסט אַן אידיאָט צו זיין .

(מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט)

דאָ געלט, און (מיט א פּנים־באַוועגונג צו דער ביקס) איר
שטילשווייגן צאָלט.



סוחר

וואַרפט אַוועק די ביקסן אויף א רגע,
פאַר מיין געלט מעג איך אויך א מאָל נישט גלויבן

ערשטער רויטאַרמייער

וועמען נישט גלויבן? לייזיקער הונט!
סאָלדאַטן פון דער רויטער אַרמיי?

סוחר

הייסט עס, אַז אין נאָמען פון דער רעוואָלוציע??

ערשטער רויטאַרמייער

איינדייטיק איז דער הייליקער קלאַנג פון דעם וואָרט:
אין נאָמען פון דער רעוואָלוציע!

סוחר

גיב די שיך מיינע, בירגער!

(צווייטער רויטאַרמייער דערלאַנגט זיי פון א פאַרבונדענעם פּעקל אַרויס. עס האָט געהאַנגען, מיט הויזנטרעגער צוזאַמענגעבונדן, אויף זיין לינקער האַנט)

דריי אַרויס דיין מעסער.

(דריטער רויטאַרמייער דערלאַנגט עס אים פון דער ביקס אַראָפּ. ער פאַרנעמט זיך אָפּצושינדן די זוילן)

ערשטער רויטאַרמייער

ווי לאַנג האַלסטו עס דאָרט?
אפשר האָט עס שוין נישט מער די שיך די ווערט?

סוחר

אויב מיין לעבן — די שיך אוודאי,
סחורות צו שאַצן איז מיין פאַך, ברודער!

ערשטער רויטארמייער

דיין סחורה, דיין יאטקע, שאצסטו זי איבער —

(דריי רויטארמייער לאַכן שאַרף, די איבעריקע שווייגן שאַרף)

צווייטער רויטארמייער

א שפיצל אזא, ווייל אונז קיין גאַנצע שיך נישט איבערלאָזן —
באַרויבט די רויטע ארמיי.

ערשטער רויטארמייער

אַלץ איינס ביי אונז אין די הענט,
וועט ער זיך פארזינדיקן צוויימאָל — וועט ער מיט צווויי טויטן שטאַרבן.

איבער זיין לעבן — דאָס געריכט!
אָבער איבער זיין טויט — מיר!
א גנב שטאַרבט אָן הענט ביי אונז, אָן פיס אן אנטלויפער,
און אָן א צונג — א ליגנער.
ער ווייסט עס. א יאָ דו ווייסט עס ברודערקע?

סוחר

(קוקט זיך נישט אום, פליקט זעלבסטזיכער און שווייגנדיק דעם שוך, קריגט אַרויס דאָס דינע פעקעלע מיט געלט)

אָט איז עס, צייל איבער, אויב די קענסט אזא גוט געלט נאָר ציילן —

צוויי אזעלכע יידישע קעפּ האָט עס די ווערט,

(במעט צו זיך)

גוישע א הונדערט.

ביי מיין הייליק וואָרט, אז קענסט צוריקגעבן א ביסל.

וועט זיין אויף מאָרגן פאַר די קינדער ברויט —

(יעקס הענט שטרעקן זיך צום געלט, צוויי פון דעם ערשטן רויטארמייער נעמען עס זיכער און זעלבסטפארשטענדלעך צו זיך, צוויי פון דעם צווייטן רויטארמייער נעמען דרייען דעם שוך אַהין און אַהער און צוליגן צוריק דאָס אָבגעפליקטע)



ערשטער רויטארמייער

און איצט, ווי אָפּגערעדט,
צייכן איינס!

סוחר

(נעמט זיך צום לויפן)

ערשטער רויטארמייער

האַלט! (סוחר צוריק צו דער וואַנט צוגעמויערט)
ביים שיסן וועסטו נאָך דאָ זיין, שפּעטער וועסטו לויפן.
אז מיר וועלן אוועקגיין וועסט לויפן,
האַלטן וועלן מיר דיך נישט.
ביי אונזער מאַטושקע אין דער היים וועלן מיר דיך לאָזן.
חברים, זעט איר דען נישט אָן הימל, אז די שעהן שטייען נישט?!

סוחר

(דרייט זיך אוים מיט דעם רוקן צו דער וואַנט, שטרעקט די הענט איבער איר אוים און יאָמערט יידיש אין דער שטומער וואַנט אריין. די ארמייער אַלע פיר אַ מויער אקעגן אים)

ערשטער רויטארמייער

און איצט, בירגער, דיין פנים באווייז!
דיין הינטער איז גאָרנישט שולדיק און ווערט נישט געמשפּט.
אָדער ווילסטו איין טויט פון הינטן און איינעם פון פאָרנט,
ווייל דיר קומט א דאָפּלטער טויט?
איין טויט פארן האַנדל מיט זאַלץ, — דער האַנדל קערט צו דער מלוכה!
און מיט לעבנס פארדרעקטע — ווער האָט דעם האַנדל פריי-געגעבן?!

אויך דער קערט נאָר צו דער מלוכה!
אָבער קיין צוויי וועסטו נישט אויסהאַלטן — ווערט דיר איין טויט געשענקט!

(גייט צו צו אים און קערט אים אום)
און איצט זיי אַן עדות, אַז מיר טיילן דאָ געערעכט,
וועסט אין הימל אָפּגעבן א גרוס דיין גאָט פון אונז.
די ריכטער צו טויזנט,
נישט אויף האַנדל, נאָר אויף ברויט דאָס לעבן צו דערהאַלטן
און לעבעדיק ווייטער צו דינען דער רעוואָלוציע,
און דיר קייזערלעכע האָזן-מאַמעליגע -- דער רעשט.

מאַטע שטשערב

(וויל צוריקגעבן)
מיר? פאַרוואָס דען?

ערשטער רויטאַרמייער

פרעג נישטן אַז דער מאָגן וועט א בורטשע טון — וועסטו שוין וויסן.
אַזוי איז דער באַפעל!
און שיסן וועט מען איינציקווייז, א שאָד די קוילן,
גוט געצילט און איינציקווייז האָט דער טויט זיי ליבער —
צוערשט וועט שיסן דער האָז,
זאָל זיך ווידער צוגעוווינען צו דער ביקס.
דו וועסט זיין דער צווייטער, דו דער דריטער,
און איך — אַז ווי צו אייך ציטערדיקע לעמעלעך — וועל
אפשר מוזן זיין דער לעצטער.

סוחר

(הייזעריק, די ווערטער קומען קוויטשעדיק און נישט מער פון גאַנצן האַלז)
איך האָב נאָך,
איך האָב נאָך,
שיס נאָך נישט,
וואַרט נאָך צו א רגע,
איין רגע, איך האָב נאָך! איך האָב נאָך!



(רייסט דאָס העמד אין שטיקער. עס קוואַלט אַפילו א גרויסער, ווייסער, האָריקער און פעטער בויך)

ערשטער רויטאַרמייער

נו, ברודערל, געשאָסן אָדער דו שיסט, אָדער אויף דיר שיסט מען,
קיין דריטע זענען נישטאָ
אין דער צייט פון דער אַרמיי פון אַרמייען.

מאַטע שטשערב

(די ביקס געצילט, קאָרטשעט זיך אַלעמאָל מער און מער, די ביקס מיט אים, ווי אַ לעבעדיק אבר זיינס)
איך וועל שיסן, איך וועל שיסן,
נאָר נישט איצט נאָך, נאָך נישט איצט,
און נישט אויפן בויך,
זעט, ווי ער קוואַלט ווי טייג,
די קויל וועט טון א פלוך,
וועט זיך אָפּשלאָגן פון זיין בויך,
וועט נישט אריין אינמיטן.

ערשטער רויטאַרמייער

(כאַפּט אים אָן ביים קאָלנער, הויבט אים אויף אין דער הויך און לאָזט צוריק אַראָפּ, ער פאַלט געקורטשעט און פאַרחלשט ווי אַ פערטל-פולער זאַק.)
קיין דריטע זענען נישטאָ,
אָדער דו שיסט, אָדער אויף דיר ווערט געשאָסן.
צום געריכט וועט ער גיין,
דעם איבעריקן אָרדנונגס-פאַראַגראַף געערעכט צו ווערן,
נאָר געמשפט איז ער איצטער שוין.
איבעריקער צייט-פאַרלוסט,
נאָר עדות מוזט איר זיין, חברים — שיסט!
(דער פאַרהאַנג מאַמענטאַן, ווי אויף קאָמאַנדע, צוזאַמען מיט די שאָסן הינטער אים)

## דריטער טאָפּ

# געריכט

שטוב פון א געוועזענעם געריכט. איבער דעם צאַרן־בילד און קרייץ אריבערגעוואָרפן א רויטע פאָן. אין א לאנגער ריי, און צו איין קייט פארפעסטיקט, שטייען באשולדיקטע, דער סוף פון זייער ריי ערגעצוו אין דרויסן. סאָלדאטן גייען אריין און ארויס, ליגן נישט קיין אַכט אויף די פארהאַנדלונגען.

ערשטער ריכטער
צווייטער ריכטער
דריטער ריכטער
ערשטער רויטארמייער
א באשולדיקטער
מאַטע שטשערב

ערשטער ריכטער
(אורטייל — אַלע שטייען)
דיר קומט דאָס וועגטל,
אַנטרינען וועסטו נישט פון אים,
ביי אזעלכע, ווי דו, שמארצן שוין די הענט.
נישט היינט — איז מאָרגן.
ווי די פליג צום האָניג ציט און קלעבן בלייבט


טרייבט
אייך דער דומפיק זיסער ריח פון דעם וועגטל ביי אונז
צוזאמען.
נאָך אין תפיסה און מיט געבונדענע הענט
האָסטו דעם עדות דיינעם אונטערגעקויפט,
פארפלאָנטערט אים די צונג,
ביזט א פארעטער פון דער הייליקער רעפּובליק,
נאָר זי לאָזט דיך לויפן פריי.
דאָס געריכט קערט צו די ערשטע וואפן
פון דער וואקסנדיקער רעפּובליק,
אָבער דאָס געריכט האָט בלינדע און ווייכע פאראגראפן —
בינד אים אָפּ, חבר, גלאָץ נישט דאָ אומזיסט ארום,
און שפּיי אים אָן אין פּנים — באַנעץ די פרייד פון דער
פרייהייט!

ערשטער רויטארמייער
(פירט אויס, אין איין וועגס שטעלט ער נענטער מאַטע שטשערבן צום געריכט, מיט געלעכטער און מיט ביטולדיקע באוועגונגען בינדט ער אים אויך אָפּ די הענט)

צווייטער ריכטער
אפשר ביז מאָרגן פארהאַלטן,
קאָסט נישט קיין איבעריקן רובל די רעפּובליק,
קיין פרעסן דערלאַנגט מען נישט,
וועט אפשר נאָך אַן עדות קומען.

ערשטער ריכטער
בעסער אזוי, וועט ארומלויפן פריי,
וועט קויפן, וועט האַנדלען, וועט פאָרן אויף רייזעס,
וועט ברענגען פאר איין באווייז — הונדערט באווייזן
אָפּ מיט אים. ווייטערן
(אַלע זעצן זיך).

**ערשטער רויטארמייער**

בירגער מאָטע שטשערב,
אמאָל א שניידער, שפּעטער א געפאַנגענער פון דעם אַלטן
פראַנץ יאָזעפס ארמיי
שפּעטער—צו אונזער שאָנד—א סאָלדאַט פון דער פעלקער-
ארמיי,
און איצט א קאַנדידאַט צו אייער לעגיאָן, חבר ריכטער!
אָן ענין פון גלאַטיקן מין,
געבראָכן די דיסציפּלין,
אָן עדות בין איך, דער קאָמענדאַנט און מיינע צוויי סאָלדאַטן,
נאָר כ׳האָב זיי באַפרייט, אַלס קאָמענדאַנט רעד איך פאַר
מיר און פאַר זיי
ער האָט באַשפּיגן דאָס רויטע געווער,
פאַרלענגערט מיט אַן איבעריקער שעה
א נישטיק לעבן פון אַן איבעריקן בירגער.

**ערשטער ריכטער**

האָט ער דאָס „געווער אוועקגעשליידערט? די דיסציפּלין
געבראָכן?
סתם געווער-באַליידיקונג קען נישט דאָס געזעץ.
וואָס האָט דער באַשולדיקטער צו זאָגן
צו זיין פאַרטיידיקונג?

**מאָטע שטשערב**

חבר ריכטערן

**ערשטער ריכטער**

פאַר דיר — בירגער ריכטער.

**מאָטע שטשערב**

חבר ריכטער,
משפּט נישט מיין לעצטע טאַט,



משפּט דאָס גאַנצע לעבן מיינס.
נישט קיין בירגער —
ווייל איך בין אין מיין לעבן קיינמאָל נישט געווען זאַט.
א שניידער פון פאַך,
צען יאָר אָפּגעזעסן ביי דער ניימאַשין צו זעכצן שעה א טאָג.
קיין פליג אויף דער וואַנט נישט געקריוודעט,
אין די נעכט פלעג איך מיט א מידן מוח און מיט רויטע
אויגן שלינגען
ביכער, ווייל וויסן איז מאַכט,
און אין די פרימאָרגנס אין קיך ביי פּאָמישאַפּן שלאָפנדיק
פלעג איך זינגען
לידער פון דער פרייהייט,
ווייל געזאַנג מאַכט פריי
און דערהויבט — פלעג איך אָפט וויינען דערביי
פון גליק.

**ערשטער ריכטער**

וואָס פאַר א וויינען, וואָס פאַר א גליק?
אַלטע שטיק,
בירגער, מיר האָבן ערפאַרונג פאַר הונדערט יאָר,
איבערצורעדן איז שווער.

**מאָטע שטשערב**

פון גליק און פון גלויבן
לידער דערהויבן דאָס האַרץ.
האָסטו דאָס קיינמאָל נישט, חבר ריכטער, געפילט?
דו, מאָטע שטשערב, האָב איך אָפטמאָל געטראַכט,
דיין לעבן איז סיי ווי פאַרשפּילט,
אָבער אויף דיר וועלן גיין, ווי אויף א זיכערער בריק,
די יונגע דורות צום גליק.
אכט שעה א טאָג ביי דער ניימאַשין,
און ברויט וועט קיינעם נישט פעלן

און געחלומט האָב איך, אז איינמאָל וועט קומען —

דריטער ריכטער
א געבראָטן טייבעלע אין מויל צו פליען —

מאָטע שטשערב
א טאָג, ווען מיר אלע פון ניימאשינען און שוסטער-וואַרשטאַטן
וועלן די איינע זאך פארשטיין,
און וועלן אלע אין אחדות באשליסן
צו שטרייקן אלע ווי איין מאן,
צו שטרייקן ביי ברודיק וואסער
און ביי דער פארדומפענער לופט
חדשים-לאנג די נאכט אדורך,
ביז טאָג, ביז גרויסן טאָג.
אזוי האָב איך געלערנט אין טיפע ביכער,
געשעפט די חכמה פון יעדן בלאט.
און אזוי האָט געזאָגט דער חבר יוסף
אמאָל אין א רעפעראט.

ערשטער רויטארמייער
דער יונג וויל פארעדן די ציין,
מאכט זיך פאר א נאר.

ערשטער ריכטער
בירגער, דו רעדסט אין דער וועלט אריין,
דערווייל אָבער גייט דיר פארלוירן א וועלט,
דיין אייגענע, בירגער.
נישט דיין לעבן פון אמאָל ליגט ביי אונז אויפן טיש,
נאָר דיין היינט.

ערשטער רויטארמייער
זאָג אים, חבר ריכטער, פאָדער קלאָרע ריידן



וואָס האָב איך קאָמאַנדירט?

מאָטע שטשערב
שיסן —

צווייטער ריכטער
און דו, בירגער, האָסט געשאָסן?

דריטער ריכטער
יאָ, אָדער ניין? איין וואָרט נאָר.

מאָטע שטשערב
ניין.

ערשטער ריכטער
דו זעסט דאָך בירגער. די זאך איז קלאָר.
קענסטו אונז זאָגן, פארוואָס,
דו,
א בירגער, וואָס האָט געשוווירן אויף דער רויטער פאָן
האָט און
שום סיבה נישט גערירט די האנט
לויט באפעל פון דעם קאָמענדאנט?
נאָר דאָס

מאָטע שטשערב
ציגל פון דער וואנט האָט ער געריסן,
גערעוועט ווי א חיה.
מיין ווייב, מיין ווייב, מיינע קינדער געטרייע —
דאָס העמד מיט די ציין צעפליקט און צעביסן,
און בויך — וויים, פון שרעק געשוואָלן
איז פון צעריסענעם העמד
אפירגעקוואָלן —

ערשטער ריכטער
אויף דער פאָן האָסטו געשווירן?

מאָטע שטשערב
געשווירן.

צווייטער ריכטער
צו פאָלגן אלע, אָן אויסנאַם, באפעלן?

מאָטע שטשערב
צו פאָלגן.

דריטער ריכטער
און באפוילן האָט מען?

מאָטע שטשערב
מען האָט,

ערשטער רויטארמייער
און דו האָסט אויסגעפירט?

מאָטע שטשערב
דער קאָמענדאנט האָט באפוילן, די אויערן האָבן געהערט,
אָבער ביי דער וואנט —
דאָס בלוט האָט דערהערט און אריין אין די הענט
ווי בליי און בלוט —

ערשטער רויטארמייער
מיט פרייד
איצט ווערט אן אנדער זאך שוין קלאָר,
דער בירגער האָט גענומען (ער ציט גרויזאם דאָס וואָרט) געלטן
אן אויסגעפרווט און אן אויסגעטרעטענער וועג,



ווען אלץ ווערט פארדרייט און פארפלאָנטערט —
זוך געלטן ווייניק אָדער פיל,
דער וועג פירט צו א ציל.

ערשטער רויטארמייער
גענומען?
פון פארמשפטן בירגער?

מאָטע שטשערב
חברים ריכטער, ווען איר זאָלט שניידן
מיין הויט אויף פאסן
איינציקווייז פון די ביינער אראָפ,
קענט איר דען גלויבן, אז איך, מאָטע שטשערב,
פון אייביקע יאָרן א סאָציאליסט,
וועל פארקויפן מיין הארץ פאר געלט?

ערשטער רויטארמייער
איז קלאָרע ריידן
אז אלע זאָלן קענען פארשטיין

מאָטע שטשערב
מיט ביידע הענט כמעט אין ריכטערס פנים
הער, ריכטער —
אין דיינע הענט איז א ביקס,
ווייסטו יוי הארט עס טוט א שפריץ א ביקס?
און דאָ איז מיין בויך,
אן אויפגעדעקטער, אָנגעשוואָלענער,
אן אפירגעקוואָלענער, ווי א דייזשע טייג —
און אז דו וועסט טון א פליוך מיט הארטן בליי,
וועט טון די קויל א דומפיקן זעץ,
וועט טון א שפריץ אי בלוט, אי פעטס
פון טייגיקן בויך.

טו א טראכט און דו וועסט אויך
זיין אויף מיין זייט.

ערשטער רויטארמייער
(אַ פּאטש אין שטערן)
מאַטע, ווער האָט דיר געהייסן אויף בייכער שיסן?

מאַטע שטשערב
מער האָב איך נישט געזען.
און איצט איז אַלץ געזאָגט,
ווען וועסטו שיקן צו דעם ווענטל מיך?

ערשטער רויטארמייער
אין א שעה, אָדער אין צוויי.

מאַטע שטשערב
(שרעק באַפאלט אים, ער פארלירט דאָס גלייכגעוויכט)
וועמען צו דער וואנט?

ערשטער ריכטער
נו, וועמען?
דער קירצסטער און דער בעסטער וועג פאר דיר.

מאַטע שטשערב
(נעמט ווי א געכאפּטע חיה ארומזוכן אויף דער סטעליע צוערשט, שפּע־טער ארום זיך און צולעצט אויף דער ערד. לאָזט זיך אראָפּ אויף דער ערד, שרייט)
— א
טו עס נישט, טו עס נישט, טו עס נישט, חברן
הער מיך אויס, הער מיך אויס,
איך האָב אזויפיל צו רעדן — איך האָב אזויפיל פארשוויגן!



אקעגן דעם נאַקעטן אמת איז נאָך אַלץ, וואָס איך האָב
דאָ געזאָגט,
א ליגן א ליגן

ערשטער רויטארמייער
(שטעלט אים אויף די פיס צוריק)
איך האָב דיר געזאָגט:
אין אונזער צייט, אָדער דו שיסט, אָדער מען שיסט אויף דיר.

מאַטע שטשערב
(בעטנדיק)
אָבער די אויגן, אָבער די אויגן וועסטו מיר כאָטש פארבינדן?
אָבער די הענט — ניין, די הענט נישטן
איך וויל זיי נאָך אויסשפּרייטן פריי צום לעצטן מאָל,
ניין, צום ערשטן מאָל — צום ערשטן מאָל.
און אז איך וועל נישט קענען גיין אויף די פיס, וועסטו מיך
נעמען אויף דיינע הענט? נעמען?

ערשטער ריכטער
ס'איז אן אידיאָט.

צווייטער ריכטער
א שעדליכער דעזאָרגאניזאטאָר.

דריטער ריכטער
דעפיניציע: דעסטרוקטיווער עלעמענט.

ערשטער ריכטער
נישט אהין און נישט אהער מיט אים.

צווייטער ריכטער
מיין שטאנדפּונקט, און דער ריכטיקער, אהין.

ד ר י ט ע ר   ר י כ ט ע ר
וו קאַמף דאָרט קרבנות.

צ ו ו י י ט ע ר   ר י כ ט ע ר
די קויל איז בלינד, טרעפט אָן רחמנות,
זעט נישט קיין געשוואָלענע בייכער. (לאַכט טרוקן).

ע ר ש ט ע ר   ר י כ ט ע ר
מען דאַרף אים וואַרפן איבער די גרעניץ,
ווי א געפּגרטן הונט איבער א פּלויט אַריבער.

צ ו ו י י ט ע ר   ר י כ ט ע ר
אומזיסט צייט, בעסער באַגראָבן אויפן אָרט,
וועט אַריבערשטינקען פון יענער זייט פּלויט -
(לאַכט קורץ און טרוקן)

ד ר י ט ע ר   ר י כ ט ע ר
אַן אידיאָט, איז אָנגעשראָקן, וועט אַנטלויפן אַליין.

ע ר ש ט ע ר   ר י כ ט ע ר
אַזאַ דאַרף מען אויסרייסן די צונג
און לאָזן לויפן —
קענסטו, ברידערל, לויפן? לויפן און שווייגן?

מ אָ ט ע   ש ט ש ע ר ב
(גריזט)
וואוהין?

ע ר ש ט ע ר   ר י כ ט ע ר
וו די אויגן וועלן טראָגן, אַבי פון אונז אַוועקן

צ ו ו י י ט ע ר   ר י כ ט ע ר
(אַ פּוילער בליק — אַ מאַך מיט דער האַנט)



ד ר י ט ע ר   ר י כ ט ע ר
(פרעגט די ערשטע צוויי מיט די אויגן. גרימאַסע. מאַך מיט דער האַנט)

מ אָ ט ע   ש ט ש ע ר ב
(ווי ער וואָלט עפּעס געפונען)
און דאָס לעבן? מיין לעבן? מיינס?

ע ר ש ט ע ר   ר י כ ט ע ר
דיינס — (צווייטער ריכטער לאַכט)

מ אָ ט ע   ש ט ש ע ר ב
(פאַלט ווידער אויף די קני און אויף די קניען, ווי אַ פאַרוווּנדעטע
חיה, שלעפּט ער זיך גיך אַרויס פון זאַל)

ע ר ש ט ע ר   ר י כ ט ע ר
(צו דער ריי פון די געבונדענע)
ווייטער —
(פאַרהאַנג לאַנגזאַם און פויל)

פ ע ר ט ע ר  ע ט אָ פּ

# לאָזט איבערטאָגן!

(קעלער. טוכלע פינסטערניש. פון צייט צו צייט שפּאַרט זיך אויף איבער־גוואַלט די טיר און נאָך עמיצער קוועטשט זיך אריין. מען זיצט אויף דער ערד, אויף קאַסטנס און אויף שמאַטעס. מיט שרעק, און שטיל, שפּאַרט מען זיך צום איינציקן פאַרשפּיגוועבט־פאַרשטויבטן פענסטערל. עס וואַרפט א קאַרגע, גרויע ווידערשיין. אַלע פּנימער און אַלע חושים זענען געווענדעט אהין.

ערשטער ייד
צווייטער ייד
דריטער ייד
ערשטע יידענע
צווייטע יידענע
א פאַרבלאָנדזשעט מיידל
מאַמע שטשערב

ערשטער ייד
און גיי, קלויב אויס, וועמען ד'האָסט צו גלויבן.
איינער זאָגט — אַן אויסגעטראַכטע מעשה,
דער העטמאַן — שוין ביי אַלדי שוואַרצע יאָר.
זיין שטיוולפוצער רייט שוין אויף זיין פערד.



און ער, וואָס איז ער דען געווען?
א חאַווריִלע מיט לאַמפּאַסן רויטע.
היינט פאָלגן זיי דעם און מאָרגן א דריטן.
און מיר — קריכן נאָר פון קעלער נישט ארויס.
וואָס איז דער חילוק? לעבעדיק באַגראָבן, אָדער טויט? — — —

צווייטער ייד
אָט האָסטו דיר א למדן!
אַזאַ טעמפּן קאָפּ וועט שוין קיינמאָל גאָרנישט ווערן קלאָר,
ווער געדענקט דען נאָך? — דעם העטמאַן גאָר? —
דעם ערשטן; און דעם גזלן, דעם צווייטן.
די ווייסע קומען — זאָגט מען אייך.
צו פּליטה גרייטן
זיך די רויטע,
די פערד שטייען טאָג ווי נאַכט געשפּאַנט,
וואָסזשע דען הירזשעט דאָרט און בריקעט?
דאָס געריכט משפּט אויף א וואָגן,
אונטער די רעדער וואַרגט מען די געמשפּטע.

ערשטע יידענע
און איך האַלט מיט זיי, און האָב נישט קיין פאַריבל.
זיי ווילן דען שיסן און וואָרגן? זיי מוזן דאָך.
זיי גראָבן אויס א קבר, לייטיש,
גיבן די פּאָר שמאַטעס דער משפּחה.
אָט נישטאָ געדאַכט, נישט איצט געדאַכט,
אויף קיין שום יידנס קאָפּ, מיין מאַן, פונאַנדערגעשיידט —
דער פערטער טאָג אין שבעה נעבעך ערשט, אימשטיינס־
געזאָגט —
איז נעבעך אומגעקומען אויף קידוש השם ביים ווענטל
אין קיעוו,
האָב איך דאָס עלטסטע יתומל אויף די הענט גענומען
און צו יענעם ווענטל צוגעפירט: נא זע — זאָג איך,

ס׳זאָל דיר בלייבן אין זכרון,
פאר פרנסה, פאר דיר און פאר מיר, פאר אונז אלע.
איז דערנעבן געשטאַנען אַ פּאַנקעלע און מיטגעווײנט מיט מיר,
וואָס זאָל מען פּאָרט טון, אז האַנדלען טאָר מען פּאָרט נישט,
אַזאַ געזעץ געקומען, פון זאַגראַניצע עס געבראַכט,
פון גערמאַניע, צי פון ווו.

(הויבט זיך פלוצים אָן מיט איינגעהאַלטענעם געוויין צו שלאָגן אין קאָפּ, די גרימאַסע פון פּנים פארגייט זיך אין געוויין, טרערן רינען. אָבער די ליפּן זענען שטיל)

זיצן יידן, שטיינערנע הערצער, זעען אַ יידענע עקט זיך
און קיינער וועט קיין פרעג נישט טון:
ווו איז דיין יתומל, ווו —
ווו, ווו איז מיין יתומל, ווו איז עס טאַקע? ווו?
(בלייבט זיצן פארשטיינערט)

דריטער ייד
און איך טענה מיינס,
אַ יאָר טענה איך דאָס זעלבע,
שפּאַרן זיך צוזאַמען ווי די הערינג,
אז אלץ איינס געפינט מען, אין קעלער, צי אין שטוב,
בעסער וואָלט מען איינציקווייז געזעסן — יעדע שטוב
אַ מענטש.

צווייטע יידענע
נו שכן, אדרבא, טראָגט אייך טאַקע אָפּ,
אז איר רעדט שוין אַזוי שיין.

דריטער ייד
וואָס הייסט? איך מיין דאָך טאַקע.
ווער איז דאָ אין קעלער דער ערשטער געווען?



צווייטע יידענע
יענעם שיקט ער און אליין דאָסט ער אין די הויזן.
אַ נייער רבי — רבי רוקט אייך אַ ביסל,
לאָזט אויך אַ שנאַפּ טון אַ ביסל שיין.

דריטער ייד
ס׳איז מיין אָרט, שטופּט זי,
(האַמפּערט זיך)
יידן, נעמט אַוועק די טריפהינע אישה, ווארום —

אַ פארבלאָנדזשעט מיידל
(שטעלט זיך צו, באַלד אויף דעם יידנס, באַלד אויף דער יידענעס צד, קוועלט פון דער מחלוקה, ווערט פריילעך. ווי נאָר עס ווערט שטיל, זעצט זי זיך אויף איר אָרט צוריק)

מאַטע שטשערב
(טאַפּט האַסטיק די דרויסן־זייט פון דער טיר. פּראַלט זי אויף, אַ שפּאַר מיטן קאָפּ און איז שוין אינעווייניק).
קוים, קוים,
לאָזט איבערטאָגן אַ טאָג, יידן־
לאָזט איבערטאָגן.

ערשטער ייד
אז אלץ איינס זענט איר שוין אין דרינען,
ארויסוואַרפן קען מען נישט מער.
וואָס זאָגט איר נייעס פון אויבן?

דריטער ייד
מען קען נישט? ווער קען נישט?

ערשטע יידענע
(אַפּוועזנד) רק ער קריגט זיך, לאָזט בעסער הערן אַ וואָרט.

מאָטע שטשערבּ

ערשט נעכטן אָנגעלאָפֿן דאָ אהער אין שטעטל,
די גאסן פּוסט — די שטובן אָפֿן,
איך האָב א רויט פּאַפּיר, שטייט אין אים פאַרשריבן:
מאָטע שטשערב,
א נאַר, — לויפֿט אהיים, לאָזט אים לויפֿן
און א בלויער שטעמפּל פֿון א רויט געריכט.

צווייטע יידענע

טפֿו צו מיינע שונאימס קעפּן

דריטער ייד

נאַ דיר אָן אָנשיקעניש,
שטייט
אין דער טיר און שרייט,
אז די גאנצע גאס הילעכט, דורכן פֿענסטער הערט מען אזש.

ערשטער ייד

לאָזט בעסער הערן א וואָרט.

מאָטע שטשערבּ

נעכטן בייַנאַכט מיט א הינטערגעסל לויף איך אָן,
אין דער טרוקעניש לויף איך שטיל, באָרוויס,
נאָר אין דער בלאָטע פּאַטשט דער טריט,
שאַ, אין מארק שטייען וועגענער, די לאַמטערנס וואַקלען
זיך אויף זיי,
און אין די ריטשקעלעך וואַקלט זיך די שיין פֿון זיי,
שטייט ווי א יידענע מיט א טוך אויפֿן קאָפּ די שול,
סקריפּעט דאָרט די טיר, איי סקריפּעט זי,
און שטשורעס צווישן די שמות הינטערן בעלעמער פּייפֿן,
קיין אויג נישט צוגעטון,
און אין דער פֿרי, איך שטעק ארויס אַן אויג צו א פֿענסטער,



ערשט — דער מארק איז פּוסט,
ברענט דער דאָרשט פֿון טוכלע שמות, און איבלקייט פֿון
שטשורעס דרייט די געדערים איבער,
שטייט ביים ברונען א פֿולער עמער,
לויף איך ארויס און טונק דאָס פּנים איין, נאָך רינט דאָס
וואסער פֿון באָרד.
גיט פּלוצים א ברי דאָס רויטע פּאַפּיר אויפֿן בוזים,
דער טאָג איז ווייס, ווייס, און די ווייסע קומען אָן,
ס׳ליכט פֿלאַקערט און דער מארק איז פּוסט,
און אין אַלע קעלערס ראַיעט, ווי ווערעם אונטער דער ערד,
און אז די גייסט ביזטו איינער,
און אז די גייסט — איז שוין א חשד,
און דערצו דער מאַנטל,
האָט עס מיך א שלייַ ־ר געטון אזש ביז אהער,
און נישט שלעכט געטראָפֿן,
געהערט א קול און אהער געלאָפֿן —

ערשטער ייד

סטייטש, איר האָט א קול געהערט?

מאָטע שטשערבּ

דאָס אויער איז שארף פֿון שרעק, ווי ביי א האָז,
און די נאָז, ווי ביי א הונט.

צווייטער ייד

זאָגט זיי כאָטש, זאָגט זיי,
זאָלן זיי וויסן ווייטער צו שרייען.

דריטער ייד

גאָלדענע ווערטער, אָבער ווען יעדער וואָלט אליין געזעסן,
ווער צו וועמען וואָלט גערעדט?

צווייטע יידענע
געטראָפן ווען א גרינג געמיט צו האָבן.

ערשטער ייד
און אפשר, אפשר האָבן זיי די וואָגנס גאָר אויסגעשפּאַנט צוריק?

מאָטע שטשערב
אויסגעשפּאַנט — אָבער ווער קען וויסן אין א וואָסער
שטאָט אין מערב?
דערווייל אָבער שטייען די פענסטער פּוסט און אָפן אינעם
ווינט.
און פונקט אזוי דער גרויסער טויער.
לאָזט איבערטאָגן, יידן, א טאָג,
ביי נאַכט איז זיכערער דער וועג — וועל איך ווייטער לויפן.

ערשטער ייד
וואָס בעט איר זיך אזוי, אז אלץ איינס זענט איר דאָ שוין.

דריטער ייד
און דאָס, וואָס איר האָט אייך געוואַשן ביים דעם ברונען
זאָל קיין רמז זיין אויף פּרעסן.

מאָטע שטשערב
אז ווערזשע בעט און ווער געדענקט,
אז מענטשן פלעגן איינמאָל עסן?
(די גרופּע בלייבט ווייטער געסטיקולירנדיק ביים פענסטער, מאָטע זוכט א פּלאַץ, געפינט אים ביי דעם פאַרבלאָנדזשעטן מיידל).

דאָס פאַרבלאָנדזשעטע מיידל
חבר? (אז ער שווייגט) נו, איך האָב דאָך עפּעס אייך געפרעגט?
ווייזט מיר דאָס רויטע פּאַפּיר, ווייזט, נישט איינמאָל שוין
אזעלכעס געזען,



בעסער איז אָבער אָן דעם, יעדער פּאַפּיר איז א טאָפּלטער חשד
פאַר ביידע צדדים — איין צד טענה'ט, דאָס פּאַפּיר איז פאַלש,
און דער צווייטער צד טענהט גאָרנישט מיטן מויל, נאָר
מיט דער ביקס.

מאָטע שטשערב
חברטע?

דאָס פאַרבלאָנדזשעטע מיידל
דיינע? (לאַכט ווילד. אַלע אַרום ווינקען ביז צו איר)
אָבער א גוטע בין איך דאָך. האָסט אפשר א וווּנד, קען איך
איבערבינדן.

מאָטע שטשערב
און אז יאָ? דו וועסט נישט קענען איבערבינדן,
זי איז צו טיף — אין סאַמע האַרצן איז זי, אינמיטן.
וואָס ווייסטו דען? וואָס קענסטו דען וויסן?

דאָס פאַרבלאָנדזשעטע מיידל
און אפשר יאָ. ביי מיר איז אויך א וווּנד, טיפער אביסל,
אונטער דעם האַרץ, א וווּנד, וואָס וואַקסט טאָג איין טאָג אויס.

מאָטע שטשערב
דערצייל, דערצייל, זאָג עפּעס מער.

דאָס פאַרבלאָנדזשעטע מיידל
דו ביזט א נאַרן

מאָטע שטשערב
דו אויך? נאָך איידער דו האָסט אויסגעהערט א וואָרט?

דאָס פאַרבלאָנדזשעטע מיידל
שווייגט, אָדער רעדט ווי א גולם, אוודאי ביזטו א נאַר.

**מאַטע שטשערב**
און אז איך וועל זאָגן, וועסטו פֿאַרשטיין?
א סוחר פֿון זאַלץ, דער בויך נאַקעט און ווייס,
שימערט אין דער האַלבער פֿינסטערניש און טרייסלט זיך פון שרעק.
דאַרף מען אריינשיסן און אָפּשטעלן דאָס ציטערניש,
שיסן שיסן דער קאָמענדאַנט שרייט, זיין פּנים איז רויט פון כעס,
די אויגן בליצן, און אַקעגנאיבער קריצן פאַרבּיסענע ציין פון שרעק.
נאַ זע, איך קען נישט ווייטער רעדן—(ציט פון פּאַזוך אַ פּאַפּיר)

**דאָס פאַרבּלאָנדזשעטע מיידל**
וואָס האַלסטו אין דער האַנט? לאָז א קוק טון.

**מאַטע שטשערב**
די נשמה מיינע, אז איך האַלט דאָס אין דער האַנט — ווער איך אַנטשווינדן.
לעז, וואָס דאָרט שטייט.

**דאָס פאַרבּלאָנדזשעטע מיידל**
(לעזט) מאַטע שטשערב — דעמאָבּיליזירט — נישט בּיי קלאָרע געדאַנקען—
לויפט אהיים קיין לעמבּערג — וואכן דאַרפן דורכלאָזן
כּל זמן ער שווייגט — ווען נישט, איז קלאָר דער באַפעל:
וואַנטן — —
נעם עס צו, נעם עס צו — דאָפּלט איז דער טויט פאַרשריבּן
אויף דעם צוקנייטשטן שמאַטקעלע,
איינמאָל אויף דיין גייסט און דאָס צווייטע מאָל אויף דיינע ביינער.
נעם עס צו, נאָר דו, דו האָסט אזעלכע ברענענדיקע אויגן,
נישט בּלויז פון הונגער און פון שרעק,



ווי אַלט בּיזטו? ווייסטו, אז דו בּיזט א שיינע?

**דריטער ייד**
די חצופה, ווער האָט זי אריינגעלאָזט, ווער?

**דאָס פאַרבּלאָנדזשעטע מיידל**
רעד דיר אויס דאָס האַרץ, רעד, פאַרגעס אָן דעם פּאַפּיר,
איבּער דער ערד גילט זיין וואָרט, אָבּער דאָ? אונטער דער ערד?

**מאַטע שטשערב**
איך האָבּ מורא, מורא, די גאַנצע וועלט איז פול מיט שפּיאָנען,
פליען אין דער לופט ארום, ווי שדים,
קריכן ארויס פון אייגענע מאַמעס, ווי ווערים פון מתים,
זיצן הינטער שטיינער אין די ווענט,
אפילו דו אליין, דיין אייגענע צונג, פּלוצים רעדט זי נישט דיינע רייד
און גיט דיך אויס.
אבער דיר האָבּ איך שוין סיי-ווי אַלץ געזאָגט, אַלץ.
דערווייל איז אַלץ, נאָר אינעווייניק בּרענט נאָך, בּרענט א וואָרט, גליט,
וואַרפט פונקען אין די הענט, פּלוצים פיל איך זיי.
און זיי הויבּן זיך, ווי א נביאס הענט,
און פון אַלע פינגער צען — צען געבּאָטן נייע.
נאָר זאָג נישט, זאָג נישט — זאָג עס קיינעמען נישט אויס.
(א רגע פאַרזונקען) און דו? אזוי לאַנג האָבּ איך אַ מיידלס האַנט שוין נישט געגלעט.
ווי קומסטו אהער?

**ערשטער ייד**
זנות, אַלע קללות קומען מיט אמאָל.

**צווייטער ייד**
נישט קיין יידן גאָר.

**דריטער ייד**

אַזאַ חצופה, וואָס וואָלט איר אויבן דען געפֿעלט?
מוז זי זיצן דאָ — צונעמען דאָס לעצטע שטיקל אָרט.
דעם גאַנצן קעלער מאַכט זי טמא.

**דאָס פֿאַרבלאָנדזשעטע מיידל**

(לאַשטשעט זיך אָן בושה צו מאַמען)

קוק נישט אויף זיי,
אַרויסטרייבן וועלן זיי נישט —
אַז מען איז שוין איינמאָל דאָ.
איך בין אַ ווייב שוין, אַ ווייב,
נאָר וועמעס — ווייס איך נישט.
און אַ קינד וועל איך ברענגען אויף דער ווייסער וועלט,
נאָר איך ווייס נישט — וועמען.
צו פֿרילינג וועט עס קומען — ווייבער האָבן אויסגערעכנט.
זין פּנים האָב איך קיינמאָל נישט געזען,
נאָר זיינע הענט, דאָס בילד פֿון זיינע גרויסע הענט,
געטונקען אין מיין מאַמעס בלוט,
אויף מיינע ברוסטען — צומאָרגנס אין דער פֿרי.
די רעכטע האַנט אויף מיין לינקער ברוסט,
די לינקע האַנט אויף דער רעכטער.
און זיין פּנים וועל איך אויך דערזען — אין פֿרילינג,
די ווייבער האָבן עס מיר אויסגערעכנט.
מיין מאַמעס מערדער —
און ווייל איך האָב זיי אויסגעזאָגט,
זונה — שרייען זיי צו מיר.
און אַז קומען וועט עס אויף דער וועלט — וועל איך עס צעפּליקן,
אויף קליינע פּיצעלעך צעפּליקן.
נאָר דערווייל שרייט עס אין מיין בלוט און נאָגט,
מאַמע — שרייט עס צו מיר,
מאַמע — שרייט עס,



מאַמע — מאַמע — מאַמען

**דריטער ייד**

זאָגט איר, זאָל זי דאָרטן שטילער זיין,
שטילער — דו זונהן

**ערשטער ייד**

אין איר איז מקוים געוואָרן דער פּסוק
כולו חייב,
לאָזט זי שרייען, לאָזט זי,
אפֿשר וועט זי גאָט דערהערן.

**מאָטע שטשערב**

גאָט וועט נישט דערהערן, נישט ער וויל און נישט ער קען.

**צווייטער ייד**

טרייבט זיי ביידן אַרויס.
ביידע זענען זיי געקנעטן פֿון איין שטיק טמא פֿלייש.

**ערשטער ייד**

לאָזט זיי שרייען, זיינע ווערטער קענען אויך
ברענגען גיכער מלך המשיח.

**מאָטע שטשערב**

כולו חייב זאָגט איר, גיכער כולו זכאי,
איך און זי.

(נעמט זי באַשיצנדיק אַרום)

אָט די שוואַרצע הענט האָבן צוויי מאָל שוין
געהאַלטן געווער און נישט געוואָרן טמא.
ווייל דאָס בלוט, וואָס אין די הענט און אין די אָדערן פֿליסט,
איז נאָר מענטשלעך בלוט — און איר זאָגט: טמא
ווייל אַזוי ווי וואַסער פֿון אַ ריינעם קוואַל

קען מיט ריינעם וואַסער זיך נישט קריגן,
אַזוי קען מענטשלעך בלוט נישט קריגן זיך מיט מענטשלעך
בלוט.
זאָל נאָר קענען קומען א וואָרט צו א וואָרט,
וועט א מענטש צו אַ מענטש אויך שוין קענען קומען.

(מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ)
ביי טאָג —
הערט יידן,
הערט,
די צונג איז מיר אויפגעריסן, אַזוי ווי א וואונד,
איך קען נישט טאַמעווען מער דאָס וואָרט אין איר,
ווי בלוט פון א אָפענער וואונד זעצט עס רויט.
איך בין א סאָלדאַט פון דער רויטער אַרמיי —
געוועזן —
און א גאַנצע נאַכט האָב איך אַמאָל געטראַכט
אַזעלכענע אַ געדאַנקען,
און פאַרטאָג איז געקומען דער חבר, דער קאָמענדאַנט —
(אין זיך פאַרזונקען)
זענט איר טויט קאַמעראַדן, אָדער דאַרף מען אייך וועקן
פון שלאָף?

(ווידער וואַך)
קום, האָט ער געזאָגט, מאַטע, קום צו דער רויטער הייליקונג
פון דיין געווער,
נישט צום זשאַווערן האָסטו עס, און נישט צום פוצן יעדן טאָגן
זענען מיר געגאַנגען זאַלבענאַנד,
האַרט אונזער טריט,
און באָרוועס איז פאַר אונז געלאָפן
איינער,
געוואָיעט ווי א הונט,
און צוגעקומען זעמיר צו א וואַנט,
שיסן שרייט דער קאָמענדאַנט,
דער בויך איז ווייס און פעט,



שיסן
א סוחר פון זאַלץ,
שיס — אָבער פון בויך וועט א שפּריץ טון שמאַלץ
מיט בלוט געמישט. — —

ערשטע יידענע
(שטופּט זיך צו בגוואַלט צו אים)
א סוחר פון זאַלץ?
א פעטינקער אַזאַ, מיט אַזאַ קיילעכדיק בערדל?
ווען? דינסטיק? ווען? רעד ניכערן

מאַטע שטשערב
ס'איז געוועזן נאַכט, זיין פּנים געדענק איך נישט,
נישט רעכט געזען.

ערשטע יידענע
פאַרטאָג, פון דינסטיק אויף מיטוואָך?
אָדער פון מאָנטיק אויף דינסטיק?
אָט איז ער, דער מערדער, דער, וואָס האָט מיין מאַן געשאָסן,
דער, וואָס האָט מיין מאַן דערשאָסן!

(קלאַמערט זיך מיט ביינערדיקע הענט אין אים)
אָט איז ער, אָט איז ערן

מאַטע שטשערב
לאָזט מיך רעדן, רעדן א וואָרטן
איין וואָרט נאָרן איין וואָרטן

ערשטע יידענע
אָט איז ערן אָט איז ערן
(אירע הענט אַלעמאָל ביינערדיקער און נענטער צו זיין האַלז)

מאַטע שטשערב
נאָר איין וואָרטן נאָר איין וואָרטן

## דאָס פאַרבלאָנדזשעטע מיידל
## דו אויך?

(פּלוצים פאַלט אַ שאָס אין דרויסן. די שויבן פון פענסטערל דרינזשען שטיל. אַלץ ווערט פאַרשטיינערט. אַלע הענט פאַלן אָפּ. די פּנימער גליווערן ווייס און טויט. אָנגעשטרענגט האָרכן עפּנט ברייטער און ברייטער אַלעמענס אויגן. עטלעכע רגעס אַבסאָלוטע שטילקייט. פּלוצים — פאַרהאַנג)

פינפטער אַקט

# הינטער לעמבערג

(אַ וואָקזאַלכל נישט ווייט פון דער גרענעץ. הויפטקאָרידאָר. פון דער זייט אַ קאַסע-פענסטער. די שויבן אין אים — ווי אומעטום איבעריקנס — אויסגעהאַקט. דורך דער אָפענער הויפטטיר זעען זיך שינעס, טיילס זשאַווער, טיילס שניי אויף זיי. אינמיטן דער סצענע זיצט אַ קופּע יידן און יידענעס מיט קינדער, מענטשן-שמאַטעס — איינגעהילט אין שמאַטעס. פּעק צוגעוואַקסן צו זייערע פּלייצעס. אַביסל אָפּגעזונדערט — דער פּויער. טיפּהאַרבסטיק געשווינד פאַלט צו די נאַכט)

ערשטער ייד
צווייטער ייד
דריטער ייד
פערטער ייד
ערשטע יידענע
צווייטע יידענע
דריטע יידענע
פערטע יידענע
פינפטע יידענע
קינדער
פּויער

פּויערן
מאַטע שטשערב

**ערשטער ייד**

(רעכטער אויער ביי דער ערד)

אדער קאפיטעס פון פערד, אדער זיי שיסן גאר אזוי
נעריכט — —

און וואס א קלאפ, אלץ נענטער —

**ערשטע יידענע**

(רייסט אים אפ פון דער ערד)

שוואנץ מלמד, באישיזשידי,
ליגט ביי דער ערד און זאגט נביאות און שרעקט די קינדער.

**צווייטע יידענע**

טאסטו זי, א נייער קאזאק, מ'האט זיך סיי-ווי-סיי נערעכט
אויף זיי אויף שבת.

**צווייטער ייד**

איז וואסזשע פאר א שייכות האט עס צו היינט?

**דריטע יידענע**

א טאג נאך פרייטיק איז על פי שכל — שבת. על פי שכל.

גאנץ גלייך טוט זי די באן, וואס זי פארשפעטיקט זיך,
כאטש פון איין עבירה אפנעהיט —

**דריטע יידענע**

כ'זאג אייך דעם אמת, דער היינטיקער שבת
איז ביי מיר רעכט ווי שניי פון פאראיארן —
אז גוים מענן מיט מעסערס אויף אונז —
און גאט שווייגט,
מענן מיר מיט דער באן אויפן שבת פארן.



**א קינד**

מאמעשי — טרינקען.

**ערשטע יידענע**

לעק שניי, וועט דיך הונגערן —

**א קינד**

ווארעמס.

**ערשטע יידענע**

ס'איז שבת, מ'טאר נישט פארן, ווארעמען אוודאי נישט.
וואלקענעס אין הימל, זעט מען נישט קיין שטערן,
מוז מען ווארטן, ביז ס'וועט שטארקער פינסטער ווערן.
שא, שא, וויין נישט — מארגן וועט מען זיין ביים פעטער
אין לעמבערג אויף דער זון-נאס.

**פינפטע יידענע**

און אין לעמבערג זענט איר דען שוין זיכער,
יידן זאגן, אז דארט איז ערגער, ווי אומעטום,
די שרפה האט מען פלאקערן געזען ביזקאלע אהער.

**צווייטע יידענע**

און די קולות אין זיבן גרויסע שטעט ארום.

**ערשטע יידענע**

און דער געקוילעטער, וואס איז
מיט א האלז אן אויפגעשניטענעם געלאפן ביז אין דער
צווייטער שטאט אריין.

**צווייטע יידענע**

אים אליין האט קיינער נישט געזען,

אזוי גיך האָט אים דער וויי געטראָגן,
נאָר אַ שנירל בלוט אויף דעם גאַנצן וועג —

ד ר י ט ע  י י ד ע נ ע
ריהאָט דען געראַנזשעט ביז אין שטעטל אָנצוקומען?
ביי דעם טייכל, אויף דער בריק
האָט זיך דאָס שנירל בלוט פּלוצים אָפּגעשטעלט,
ריאיז אין וואַסער געשפּרונגען — די וווּנד צו קילן.

פ ע ר ט ע  י י ד ע נ ע
איז אַ וואָך דאָס וואַסער רויט געראָנען,
פון טייכל אין סאַן אריין, פון סאַן אין דער ווייסל,
האָבן עס יידן אין וואַרשע געזען.
גאַנץ וואַרשע — זאָגט מען — איז שבעה געזעסן.

פ י נ פ ט ע  י י ד ע נ ע
און דער בחור מיט דער ספר תורה?
ער איז אַ שטיק קויל געוואָרן, אָבער דאָס ספר אונטער אים
איז געבליבן גאַנץ.

צ ו ו י י ט ע ר  י י ד
נו, אַ, מיטאָר נישט אזוי פיל דעם שבת פאַרשטערן —

ד ר י ט ע ר  י י ד
נישט אזוי דעם שבת, ווי דעם שלאָף פון די קינדער.

ק י נ ד
און דאָס יונגעלע, וואָס איז געשטאַנען ביים פענסטער
פון ברענענדיקן הויז?—

צ ו ו י י ט  ק י נ ד
און די מאַמע, וואָס איז אויסגעגאַנגען פון א י י ן  קוויטש



אונטן אויף דער גאַס?
מיט איין קוויטש אויסגעשפּיגן דאָס גאַנצע האַרץ —

פ ו י ע ר
שטילער אַ ביסל — די באַן וועט אָנקומען.
וועט פאַרבייפאָרן — און שוין.

ד ו ר כ א י י נ א נ ד ע ר
(פול הכנעה צום פויער)

טאַטונציו — די באַן איז נאָך גאַנץ ווייט.
מיהערט נישט און מיזעט נישט.
אפשר וועט זי גאָר בכלל נישט קומען.
זי האָט שוין גאָר קיין חשבון נישט — די באַן־
טיילמאָל לויפט זי ווילד איבער אַלע סטאַציעס
און טיילמאָל שטייט זי גאָר אינמיטן וועג.

ע ר ש ט ע ר  י י ד
גלאַט מיזיצט, מיווייסט דען ווו מען פאָרט.
און איר — שכן?

פ ו י ע ר
אין שטאָט אריין,
בייטן פּאַפּירלעך אויף זילבער און גאָלד.

ע ר ש ט ע ר  י י ד
איר לאַכט — שכן?
ווער בייט דען היינט פּאַפּיר אויף גאָלד?

פ ו י ע ר
וואָס הייסט, ווער? יידן. דאַרפן עס צום האַנדל־

ערשטער ייד
אָט זענען מיר אויך יידן. אָנו, באַזוך אונז, צי האָבן מיר
כאָטש איין לויט זילבער.

פּויער
אין די פּאַזוכעס נישט, דאָס ווייס איך, אָבער אין זיך,
מ'זאָגט, אַז איר קענט שלינגען גאָלד און זילבער.
ווי די שוואַרצקינסטלער.
און אַז איר דאַרפט שפּייט איר אויס צוריק אומגעציילט,
פּונקט וויפל איר דאַרפט.

ערשטע יידענע
מ'דאַרף זיין קאַרג אויף אַ וואָרט, אַזוי ווי אויף אַ רענדל.
נאַדיר, אַ ייד האָט זיך צעדברט.

ערשטער ייד
אַזאַ ערל איז געפּערלעך, בעסער זאָל ער וויסן דעם אמת.
אַזיסט קען אַזאַ אַ קיילן אַלע ווי חזירים.

צווייטע יידענע
בעסער גיט טאַקע אַ קוק צו די שינעס.
איר קענט דאָך עפּעס צוליינגן אַן אויער.

דריטע יידענע
מיין געשריי: צופוס ביינאַכט צו גיין איז מען מערער אָפּגעהיט,
ווי מיט אָט דער באַן,
נאָר ווער האָרכט דען? אַז מ'קריכט אַליין אונטערן מעסער —
(ווייזט אָן אויף אַ טאַנספּערשוין) איי ווען נישט ער, מיין אַלטער
דאָסער

פערטע יידענע
(פאַלט אַריין אין די רייד)
וואָלט נישט אין די הויזן געדאָסט,
וואָלט איך פון אָרט מיך נישט גערירט.



איך בין אַ יידענע, נאָר איך האַלט, אַז אַ ייד דאַרף ביים
לעבן זאָרגן
פאַר אַ קבר ישראל און פאַר אַ קדיש· און דאָ — אין וועג —
אין אַזאַ וועג —

צווייטער ייד
מ'איז דאָך שוין איינער אין שטאָט געוועזן,
סיידן די הינט קערן צו חברה קדישה — וועלן ברענגען
צו קבר ישראל,
און די גוים וועלן זאָגן קדיש —
יאַקאַש זענען דאָך יידן אַנטלאָפן און טאַקע מיט דער באַן,
מ'צאָלט אַ רענדל פון אַ קאָפּ, נו מילא, אַ קאָפּ אַ רענדל
איז דאָך ווערט.

פּויער
שאַ! (שטייט פּלוצים אויף) זי גייט, צי נישט? ניין!
טפו אויף אייערע וויסטע און שוואַרצע נשמות,
אויף אייערע מאַמעס קעפּ, אויף אייערע קעפּ און אויף
אייערע קינדערס קעפּ.
(רייסט אויף אַלע טירן און גייט. די טירן שטייען אָפן און זיינע טריט
קלינגען אין דער שטילקייט נאָך לאַנגע רגע'ס)

ערשטע יידענע
געלויבט השם יתברך, אַבי מ'איז אַריבער בשלום.

צווייטע יידענע
ער איז מיר עפּעס נישט אַוועק אינגאַנצן,
אַ ליאַדע רגע וועט ער זיין צוריק,
און טאַקע מיט די שכנים.

קינד
מאַמע, איך האָב מוראָ

קינדער
מאַמע, מאַמע, מאַמען

יידענעס
שלאָפֿט קינדער, שלאָפֿט, ער איז אויך אהיימגעגאַנגען שלאָפֿן,
ס'איז פֿאַרנאַכט — איז ער שלעפֿעריק, אַז ער שעלט
איז ער שלעפֿעריק,
גוים מוזן שלאָפֿן ביינאַכט.

ערשטע יידענע
און פֿונדעסטוועגן האָט איר שוויַיגן געדאַרפֿט, שוויַיגן!

ערשטער ייד
נישטאָ קיין שיעור צו ווייבערס נאַרישקייט.

צווייטער ייד
לאָמיר בעסער די טירן פֿאַרמאַכן, די לעבער פֿאַרשטעלן,
צינד אַ ליכט — טאָר מען נישט,
וועט זיך די נאַכט אַ לאָז טון צו אונדז יונים, גזלנים, סאָלדאַטן—
אַ גאַנצער היישעריק.
צינד נישט — וועט די באַן אַריבערלויפֿן און נישט
וויסן גאָר, אַז דאָרט
איז ערגעץ דאָ אַ סטאַנציע און פּאַסאַזשירן —

ערשטע יידענע
פּאַסאַזשירן — (דאָס וואָרט גייט אַלעמאָל שטילער פֿון מויל
צו מויל)
(מירן ווערן צוגעשפּאַרט, לעבער מיט שמאַטעס פֿאַרהאַנגען, ביים נעמען
די שמאַטעס אָמפּערט מען זיך אַ ביסל. די קעפּ אין אַ ענגן קרייז, די
פּיס פֿון זיך, ווי אַ שטערן, ווערט די גרופּע פֿאַרגליווערט — די קינדער
אַנדרימלט. יעדער פֿאַרזונקען אין זיך).

ערשטער ייד
אין דרערד אַריין געגאַנגען,
אַ קאַמיעניצע, ווי אַ וואַלד, מיט אַ שטאָק געמויערט.



ווי אַ קופּע שטרוי פֿאַרברענט, איינגעפֿאַלן די ווענט,
די ציגל זענען אַזש געשמאָלצן — וואָלט כאָטש אַ קינד געוועזן,
אַ פּאַק מיט וועקסלען געבליבן אין די הענט,
וואָרעמסט ביז היינט אונטערן פּאַזוך.

ערשטע יידענע
אַ מיידל, ווי אַ סאָסנע, שידוכים ביז איבערן פּאָס,
געשטאָרבן אויף די אייגענע הענט, מיט די אייגענע הענט
באַגראָבן,
ז'האָבן מורא געהאַט צוצוגיין די חברה קדישה, שיכּורים,
ווער דאַרף זיי?!
אַ יידענע, אַ מאַמע, אַן אַלמנה, און אַליין אַ קבֿרנטע
פֿון איר פֿלייש און בלוט.

צווייטער ייד
צוויי זין און איין טאָכטער אין אַמעריקע
לעבן אַ גוטן טאָג,
כ'האָב געחלשט און געבעטן זיך,
און זי האָט בריוו ממש מיט שטיקער בלוט געשריבן,
שיקט אַ שיפֿסקאַרט, נעמט די אַלטע טאַטע-מאַמע צו זיך —
אַמאָל — אויף אַ יום טובֿ אַ בריוו, אַמאָל — אויף יום כּיפּור
אַ דאָלאַר,
דאָס אַלץ — צוויי זין, צוויי שנורן, איין טאָכטער, איין איידעם,
און אייניקלעך — אַ טויט, קיין עין הרע —

צווייטע יידענע
אַזאַ געשעפֿט, אַזאַ הורטאָווניע,
איר זעט די הענט? מיט מיינע פֿינגער צען אַליין עס געפֿירט
און ער? אַ בן תּורה. איך בין פֿון פּראָסטן שטאַנד.
אַ גאַנצן טאָג אין קלויז
און דער בן יחיד אונזערער, לויטער תּורה, לויטער נשמה,
קוים צו בר מצווה אים דערשלעפּט, דריי טאָג די תּפֿילין געלייגט,

דעם מאן האָב איך ביי די זעלנער געהאַט, דעם זון אין שפּיטאָל,
לעבעדיקע שטיקער פון געשעפּט געריסן און געראַטעוועט
האָב איך —
געראַטעוועט. — איינער, ווייס איך כאָטש, ווו ער ליגט.
און דער צווייטער? — אזוי פאָר איך און פאָר און זוך דאָס קבר
מענטשן זאָגן, אז אין פּעשט — שלעפּ איך מיך אהין.

דריטער ייד
אין די שענסטע יאָרן און אינמיטן לערנען,
נאָך א טאָג און נאָך א טאָג, וואָלט שוין געווען א דאָקטער,
האָט די קליפּה דאָס הארץ פארכאַפּט, א בושה, א בושה,
א ווײ צו א טאַטן,
א שיקסע גאָר —
אז שטאָט איז פּוסט געוואָרן, האָב איך אים די הענט געבונדן
און אין די פיאַרן קיין לעמבערג געפירט — ווער ווייסט,
צי ער זשיפּעט נאָך?
כאָטש אן איינן קינד, כ'פּאָר צו אים,
אפשר וועט ער קענען זאָגן קדיש — נאָך דער מאמען.

דריטע יידענע
א חיה פיינערט, אָבער א מענטש האַלט אוים.
פון נאָך דער חתונה אָן קרענק איך,
דרייצן מאָל אין ווין געווען, ביי די גרעסטע פּראָפעסאָרן,
און איצט, אז מען וואַלגערט זיך ארום, קען מען מער נישט
שטארבן.
אז דער ווילטאג איז געווען האָט מען נישט געקענט לעבן,
און אז די צרות זענען דאָ — קען מען נישט שטארבן —
עס כאַפּט נישט דער טויט, כאַפּט נישט דער אייביקער שלאָף,
כאָטש נעם האַלט צו די אויגן מיט גוואַלט.

ערשטער ייד
שאַט אביסל, שאַט,



איר הערט, ווי די שינעס קלינגען?
עפּעס גייט אויף זיי.

פערטע יידענע
אפשר די באַן —

פינפטע יידענע
און דער פייף? עפּעס א מאָדנער קלונג—

ערשטער ייד
(אויער ביי דער ערד) יידן, א באַן!

דורכאיינאנדער
גוואַלט, גוואַלט,
זי וועט אריבערלויפן,
מ'דארף זי איינהאַלטן,
א ליכט אנצינדן.
(דער קלאנג ווערט דייטליכער, פּלוצים איז ער דאָ. עס הויבט זיך אויף די שאַל פון דער טיר, וואָס פירט צו די שינעס)

מאַטע שטשערב
איך בין א סאָלדאַט, איך לויף א היים,
אויף די שינעס, אויף די שטיינער, אויפן שניי — מוז
איך לויפן אין די שיך.
פון רוסלאנד קום איך,
יעדער אבר מיינער איז הונגעריק, דערפרוירן און שלעפעריק,
זענען מענטשן דאָ? מענטשן?
אין א שעה ארום וועל איך ווייטער לויפן ,
קיין קוראָוויץ — מיין היים.

ערשטער ייד
געלויבט איז גאָט — א ייד.

פון וואנעט פירט דער וועג?

מאַטע שטשערב
פון ווענטל, פון כותל מערבי, משיחס צייטן,
יידן און גוים ווייגען צוזאמען ביי איר,
א רויט פאפיר האָב איך געהאַט,
איז אין אים געווען פארשריבן, אז איך בין א נאר,
כ'האָב עס אוועקגעוואָרפן אויף די שינים,
אין פאדוואלאטשיסק,
אויף דער גרענעץ פון צוויי מדינות,
אויף דער גרענעץ שטייט נישט קיינער,
קיינער היט נישט מער די גרענעצן,
נישטאָ שוין מער קיין גרענעצן
עס האָט זיך אָנגעהויבן
דער עיקר זענען די גרענעצן געווען,
אזוי האָבן געלערנט די ביכער,
און איצט איז נישטאָ שוין מער קיין גרענעצן
פון איין לאנד צום צווייטן און פון איין מענטש צום צווייטן,
דער אינטערנאציאָנאל פון בלוטן
הערט איר דאָס וואָרט?
אין אלע אָדערן פליסט איין בלוט,
אין אלע טייכן פליסט איין וואסער,
קיין טייכן וועלן נישט מער קיין גרענעצן זיין,
און קיין אָדערן אויך נישט,
אלע זענען איינס,
די גאנצע ערד — איין ערד,
אלע מענטשן — איין מענטשן

(לאַכט)

אין זיינע אָדערן בלוט, און אין מיינע — בלוט
ווי א דייזשע טייג זיין בויך געשוואָלן,



פון צעריסענעם העמד אפירגעקוואלן —
אין קוראָוויץ שטייט א נייםאשי
און זשאווערט,
לויף איך אהין —

ערשטער ייד
זאָגט א קלאָר וואָרט,
א געפאנגענער, צוריק פון פאָניען?
אָט אזוי איז זייער סוף.
איר קומט דאָך מיט די שינעס, איז אפשר ווייסט איר עפעס
פון א באַן?

מאַטע שטשערב
אומעטום אויף די וואָקזאלן יידן,
צוויי וואָכן לויף איך,
קיין באַן נישט געזען,
אפשר לויפט זי הינטער מיר,
איך גיי ווי דער ווינט, ווי קען מיך א באַן דעריאָגן?
דער כח פון ווענטל איז גרויס, די שרעק הייצט אין בלוט,
דאָס בלוט יאָגט די פיס, ווי א קעסל.

ערשטע יידענע
אָדער א נביא, אָדער א נאר.

צווייטער ייד
איר האָט האלב געטראָפן.

צווייטע יידענע
אז מ'זאָגט משיחס צייטן —
ווי משוגעים לויפן נביאים אויף די שינעס אום·

דריטער ייד
איר מיינט, עס וואָלט אַן עוולה געווען? אלץ איינס איז
כולו חייב

ד ר י ט ע   י י ד ע נ ע

זעצט אייך צווישן אונז, ווארעמט אָן די גלידער אביסל,
אָבער קיין פייער טאָר מען נישט ברענען.
זעצט אייך דאָרט צווישן מאַנספּארשוינען,
פּאָרט א מאַנספּארשוין —
נאָר וועקט נישט ווידער אויף די קינדער.

ע ר ש ט ע ר   י י ד

און די חיילות?

מ אָ ט ע   ש ט ש ע ר ב

זיי בייטן זיך און זיי שניידן יידן,
נאָר בלוט וועט זיי אויסהיילן,
זיי וועלן זיך פּלוצים איבערשרעקן,
בלוט ציט צו בלוט—און אז עס טרעפט זיך, ווערט עס איינס,
נאָר אונזער בלוט טרעפט זיך קיינמאָל נישט מיט זייערם —
יידן, בלוט צו בלוט רעדט מיט גאָר אַן אנדער לשון,
א מענטש מיט א מענטש קען זיך נישט פארשטיין מיט
דעם וואָרט, אָבער מיט בלוט. —
יידן, מען דאַרף געפינען די טייטש, פארשטייט איר מיך,
די טייטש פון בלוט,
און אלע געבן צו פארשטיין.
וואָס גלאָצט איר אזוי מיט די אויגן אין דער פינסטער?
איך בין ביים שכל,
און איך האָב טאַקע אליין, אליין יידן, געפונען
און פארשטאַנען די טייטש פון בלוט,
קוקט אָן די הענט מיינע

(אלע רוקן זיך אָפּ פון זיי, זיי בלייבן אליין שיינען אין דער פינסטער)

איר זעט, ווי ווייס זיי זענען?
הענט, וואָס האָבן בלוט פארגאָסן, זענען נישט מער אזוי ווייס.



ד ר י ט ע   י י ד ע נ ע

מאַכט מיט די הענט און שרייט,
מ׳האָט דאָך אייך געבעטן שטילער זיין אביסל.

צ ו ו י י ט ע   י י ד ע נ ע

איי א וועלט, א וועלטעלע,
איינער קומט פון דאָרט — א פולער טייסטער געלט,
און דער צווייטער — א פולער קאָפּ שגעון.

פ ע ר ט ע   י י ד ע נ ע

אייער טאַטע-מאַמע בין איך נישט מקנא.

מ אָ ט ע   ש ט ש ע ר ב

מיין טאַטע-מאַמע קענט איר יאָ מקנא זיין.

ד ר י ט ע   י י ד ע נ ע

(לויפט צו די טירן און די פענסטער)

שאַט, שאַט, עפּעס הער איך קולות, פון אלע זייטן קולות.

(איידער זי זאָגט אַרויס דאָס לעצטע וואָרט, באַווייזט זיך אין דער טיר)

פ ו י ע ר

אָט דאָ זענען מיר,
מיר ווילן,
בייט אונז אונזערע פּאַפּירלעך אויף גאָלד און אויף זילבער,
ציטערט נישט אזוי, מיר דאַרפן נישט אייערע באַרדאַסטע
לעבנס,
סיידן זיי זענען; אייך בילכער ווי סיגאָלד —
איר דאַרפט פּאַפּירעלעך צום האנדל און מיר גאָלד —
ערד צו קויפן.
ווייזט אונז נישט די בייטעלעך, איר האָט אלצאיינס
א דרעק אין זיי.

אין בלוט האָט איר דאָס גאָלד באַהאַלטן, אין בלוט.
מיר זענען פרידלעכע פויערן און קיין פּאַפּיר דאַרפן מיר
ניט מער.

און איר — יאָ. צום האַנדל, אוודאי
(די קינדער וועקן זיך אײנציקווײַז, דאָס געשריי וואַקסט)

ערשטע יידענע
(צום ערשטן ייד) נו, זייט אַ פירשפּרעך,
וואַרפט אַרײַן אַ קלוג וואָרט.

ערשטער ייד
(ציטערנדיק) כיעל פּרוון, מיט שכל,
אפשר וועט זיך לאָזן.

מאַטע שטשערב
איי, איי, איין
וועגן בלוט לאָזט מיך רעדן,
דאָס לשון פון בלוט פאַרשטיי איך,
זיי זאָגן דאָך, אַז אין אונזער בלוט איז דאָ גאָלד.
לאָזט מיך צו צו אים
חבר פויער,
קוק מיך אָן,
באַטאַפּ מיך, קנעט מיך, טו מיך נאַקעט אויס,
ווי אַזוי קענסטו, חבר פויער, גלויבן, אַז אין מיר איז דאָ גאָלד?
עפן מיר דעם האַלז,
נעם אַ מעסער און עפן מיר אָן אָדער, טו אַ לעק דאָס בלוט.
(צו די יידן)
זאָל ער נאָר אַ לעק טון, זאָל ער נאָר אַ לעק טון, דאָס וויל
איך טאַקע!
און אַז דו וועסט אַ לעק טון, וועסטו מיר שוין גלויבן.
אָ דאָס לשון פון בלוט איז גרויס,
דאָס לשון פון בלוט פאַרשטיי איך.



און אַז איך האָב נישט, איז דאָס זעלבע בלוט — האָבן זיי
אויך נישט.

פויער
(שטופּט אים פון זיך) משוגענער,
דו האָסט טאַקע נישט, אָבער זיי האָבן.

מאַטע שטשערב
רעדסט אַ נאַרישקייט, פאַרשטייסט נישט דאָס לשון פון בלוט,
ברידער זענען מיר דאָך — איין בלוט.

פויער
(שלײַדערט אים ווילד אין אַ ווינקל — דאָרט בלײַבט ער שוין ליגן)
(צום ערשטן ייד) דאָ האָסטו אונזערע פּאַפּירן,
טו, אַז דײַנע ברידער זאָלן אונז געבן זילבער און גאָלד דערפאַר,
אַ לויט פּאַפּיר, אַ לויט זילבער — און גאָלד צענמאָל ווייניקער.
גערעכט — איאָ?
און אַז איר וועט נישט געבן, ווייל איר האָט עס פאַרשלונגען
און האַלט עס פעסט אין די געדערעם,
וועט מען אַזוי לאַנג שניידן און זוכן, ביז מען וועט געפינען,
ביז מען וועט עס אַרויסוויקלען פון די געדערעם,
און ווייל די קינדער און אָט דער משוגענער האָבן נישט,
וועט מען זיי נישט טשעפּענען.
גערעכט — איאָ.
נישט די לעבנס איז מען אויסן, נאָר דעם בײַט פון פּאַפּיר
אויף זילבער און גאָלד — ערד זיך צו קויפן,
וואָס דען האָט אַן אָרעמער פויער מער אויף דער וועלט?

(אַלע קוקן אים אָן, אַ רגע שטיל, פּלוצים הויבט זיך אָן אַ יללה און
אַ וואַלגערן זיך אויף דער ערד. אין דער ערשטער ריי קניט מאַטע
שטשערב — דעם האַלז נאַקעט אויסגעשטרעקט. פאָרהאַנג פּלוצים.)

## זע־סטער עטאַפּ

# דאָלאַרז

(אַן אָרים אלקערל אין א קליין שטעטל. נאַכט. בלאָטיקער ווינטיקער דע־צעמבער. אין דער הויפּטוואַנט רעכטס א פענסטערל אין א לוק אריין. מען זעט א ווייסן שיין פון דער אקעגנאיבערדיקער וואַנט און ריננען ריטש־קעלעך פון דאך. נעבן דעם פענסטער לינקס א צוגעשפּארטע טיר אין אַ צווייטער שטוב. דאָרט שלאָפן קינדער און עס ליגט א חולה. אַ טיר רעכטס און א טיר, מיט א שאַפע פארשטעלט, לינקס. אין א ווינקל ברענט אַ לעמפּל, ווי א קאַהנעץ די גרוים. אָפּגעלאָזנקייט און מושב).

מ י י ט ע
ש כ נ ט ע
מ אָ ט ע  ש ט ש ע ר ב

מ י י ט ע
(געניצט שווער און לאַנג)
איר האָט נאָך טענות?
די הייץ שטייגט,
ממש עס זידט שוין אונטער דער **הויט**,
אַזאַ דאַרף מען באָדן אין רפואות —
און פון וואַנען?
און אויף ברויט
האָב איך דען?

ש כ נ ט ע
טע, טע, טט —



ווי דו נעמסט דיך איבערן
מילא, וואָס א מענטש איז קראַנק אַמאָל —
אַלע וואָלטן זיך געוווּנטשן אַזעלכע מאַנען,
א קאַליקע קיין עין הרע, פונקט ווי געוווּנטשן,
מילא איז ער נישט קיין שאַנקייט, האָט ער איין אויג נאָר,
אָבער פון מיליטער זענט איר אָפּגעהיט,
ווי א שטוב מיט א מזוזה פון אַ שד.
מילא, אַז מען צעקלאַפּט זיך דאָרט אַמאָל די קני.

מ י י ט ע
א מאָן אָן אַן אויג זיך פארוואָלט
און ווי ער האָט דאָס אויסגעחשבונט גוט,
רב איצעלע —
אַזוי ווי די גאַנצע שלאַכט וואָלט צוליב אים געווען.
כאַפּ, לאַפּ און ריאיז שוין דאָ צוריק פון אמעריקע,
און באַלד די חופּה-שטאַנגען
און צו די ניין חדשים איינס,
עס זאָל אַ שעה כאָטש פעלן,
און צו די צוואָנציק ס׳צווייטע —
מיט איין אייגל טרעפט עס יאַקאַש אומעטום.

ש כ נ ט ע
טאָ וואָסזשע אַרט עס דיך, אַז ער טרעפט,
וואָס אַרט דיך אין דער נאַכט, אַז ער איז אויף אַן אייגל **בלינד**,
און דו ביסט דען נישט קיין מענטש?
אָט וואָס האָב איך אומשטיינסגעזאָגט —
אויף איין נאַכט אהיימגעקומען בלויז —
און טראָג דיך מיטן פעקל ניין חדשים אום —
אַליין —
וואָס אַרט דיך, אַז ער טרעפט,
אָבער ווו א דאָלאַר צו פארדינען טרעפט ער אויך?

מ י י ט ע

אָט זעט איר דאָך ווי ער טרעפט.
איך האָב דאָך געוויינט און האָב געטענהט,
האָסט געבראַכט אַ דאָלאַר פון אַמעריקע,
האַלט אים הינטערן קישן און וואַרט,
די שלאַכט וועט אַריבערגיין, וועסט דיך נעמען צי אַן
ערלעך מסחר.
און דאָס — ניין, ניין און ניין!
אַלע — זאָגט ער — ווערן רייך,
אויף דערויף איז דאָך מלחמה
אַז נישט דו, איז דיין שכן.
אַ משוגענער —
און אַ העלפט האָט ער מנדב געווען צו באַנייען דעם פאַריין
נאָך דער מלחמה.

ש כ נ ט ע

(צופרידן אַז דער שמועס גייט אַזוי)
נעמט מען איצט די צווייטע העלפט, נעמט איצט אַרויס
דאָס קניפּל —

מ י י ט ע

וואָס פאַר אַ שגעון אין שטאָט מיטן קניפּל?
עס קנילפּט זיך נענוג אין קאָפּ.
אָט איז ער שוין אַ צווייענדיקער קריפּל.
און איך האָב מיך געבעטן אין אַ בריוו,
האָב צייט, שיק אַ שיפסקאַרט,
וועל צו דיר אַריבערקומען,
ניין — האָט ער מורא געהאַט,
טאָמער ענדיקט זיך די שלאַכט
און מאָטע קומט צוריק.
איצט האָט ער עסן



ש כ נ ט ע

זיי האָבן ביידע שוין אַ סוף,
אויף אַלע ווייסטע קעפּ געזאָגט.
כ'ווייס דען וואָס איך רעד — אָט רעד איך.

מ י י ט ע

וואָס הייסט?
וואָס פּלוצים ביידע?

ש כ נ ט ע

צי דו מאַכסט דיך פאַר אַ נאַר?
אָדער ביזט עס טאַקע?

מ י י ט ע

(אַ ביסל דערשראָקן)
כ'האָב אָבער באַלד געוווּסט, אַז אייער קומען דאָ
אין דער שפּעטער שעה
איז מיר נישט גלאַטיק.

ש כ נ ט ע

וואָס הייסט? ר'איז נאָך ביי דיר דאָ נישט געווען?
די כלה פון אַמאָל אַ פרעג טון וואָס זי מאַכט,
דעם אַלטן פריינט מבקר חולה זיין?

מ י י ט ע

ווער?
מאָטע? מאָטעלע איז צוריקגעקומען?
מ'האָט דאָך אויסגעטראַכט, אַז מ'האָט אים ערגעץ ביי אַ ווענטל
דאָרט ביי פּאָניען שוין דערשאָסן.
ר'איז דאָ? איר האָט אַליין געזען?

ש כ נ ט ע

הערסט, די גאַנצע שטאָט קלינגט דערמיט און זי ווייסט נישט.

היינט פארנאכט נאָך איז ער אָנגעלאָפן,
באַרוועס, נאַקעט, פּלוצים זיך אינמיטן מארק געשטעלט,
די הענט צום הימל אויפגעהויבן און א געשריי געטון:
מאָטע איז דאָן
און אז יידן האָבן זיך ארומגעשטעלט און אים דערקענט,
האָט ער אויפגעהויבן ווידער די הענט
און געזאָגט:
די הענט זענען ווייס,
אָבער זייער ווייסקייט זעט מען נישט,
די פּאָן אין די הענט איז רויט,
אָבער מען זעט נישט די פּאָן און מ׳זעט נישט אויף איר
דאָס בלוטן
איך שווייג און שווייג און ווארט און ווארט,
און ווארט, אז דו זאָלסט עפּעס זאָגן מער,
און דו ווייסט פון גאָרנישט נאָר?

מ י י ט ע

(אויפגערודערט) ד׳איז אָבער תמיד אויפן קאָפּ געווען אַביסל קראנק,
אז ס׳איז קיין חידוש נישט,
א פראָסטער שניידערישער קאָפּ און ווייקט אין ביכער,
אין ווייקט.
אבי מען האָט גאָר אויסגעטראכט א מעשה פון א ווענטל
און פאר מסחר גאָר —
א העלפט, ווייזט אוים, איז אמת.

ש כ נ ט ע

(כיטרע) עס פּאסט אזוי,
אביסל איז ער טאקע צוגעדרייט,
אָבער יעדער נאר האָט זיך זיין שכל,
שטאָט זאָגט, אז ער איז אָנגעשטאָפּט מיט געלט און מיט
דאָלארן טאקע.
וויזשע דען האָט ער דאָס געלט געקענט באהאלטן אייפן וועג?
אפשר פאָרן מיט א קאָטש מיט צוויי פּאָר פערד,



און מיט א ציגאר אין מויל?
(בארויקט מיט האַנטבאוועגונג)
אלץ בייט זיך, נאָר א הארץ בלייבט א הארץ,
נישט געזאָרגט,
און א בחור איז ער אויך נאָך,
נישט געזאָרגט,
צו וועמען דען איז ער געקומען דאָ אין שטאָט אריין?
ביי די מענער איז עס דאָך אזוי,
איינער ארויף און איינער אראָפּ,
פארשטייסט — איינער אראָפּ און איינער ארויף —
ווען מיר ווייבער וואָלטן אפילו דאָס נישט פארשטאַנען,
וואָלטן שוין מיר גאָר אין ד׳ערד געהאַלטן.
וואָס דען — מייטעלע, אזוי ווי איך זאָג דיר.

מ י י ט ע

(בארויקט) גאָט פארלאָזט טאקע נישט אין דער גרעסטער צרה,
(מיט געמאכטן געוויסן) איך וויל דען עפּעס?
גייט רעדט נישט אזוי.
אבי אויף א דאָקטער, אויף א רפואה — דעם מאן צו ראטעווען.
מסתמא וועט ער מאָרגן קומען, ארומוואשן זיך, אנטון זיך.
איר זענט א גאָלדענע שכנטע, א הארץ א גיים אין מיר
ארייננעזעצט.

ש כ נ ט ע

נו נענוג זיך אָנגעפּלאפּלט,
(הערט זיך איין)
די קינדער, דאכט זיך, צוטראָגן שוין די שטוב ביי מיר.
א יידענע האָט טאקע ניין מאָס רייד.
אָבער א מצווה בין איך שטענדיק גרייט,
אפשר וועט גאָר מאָטע זיין דער מלאך דאָ ביי אייך אין שטוב,
פאָלג מיך, מייטע, דו גיי שלאָפן, און מאָרגן וועט שוין
אלצדינג גוט זיין.

שטימע פון דער צווייטער שטוב

מייטעלע, מייטע —
איי א חלום, איי א חלום,
גיב דעם לאָמפּ אהער, דעם חלום צו פאַרטרייבן,
מאָטע, דער טויטער מאָטע —
גיב וואסער א שלונג, גיב —

מייטע

(שעפּט וואסער פון עמער)

שכנטע

זאָל ער טרינקען, טרינקען, אבי גוט צוגעדעקט,
די היץ וועט אריבער — איז אלץ אריבער —

מייטע

ער זאָל מיר כאָטש נישט בראנדיק ווערן.

שכנטע

גיי נארעלע, וועסט בקרוב דערציילן אלץ אין פריידן.

מייטע

אפשר בעסער געדארפט לאָזן דעם פוס אראָפּנעמען ?

שכנטע

גיי נארעלע, ביי א בלינדן אויף אן אויג?
רעדסט דאָך ווי א נארן
א גוטע נאכטן (גייט).

מייטע

(קומט אריין פון יענער שטוב צוריק)
שוין, ער שלאָפט שוין ווידער.

(דרייט נאָך טיפער איין דעם לאָמפּ, וויל פאַרשליסן די טיר. דערמאָנט זיך און הויבט אָן זאָגן קריאת שמע מיט ווייבערישער כוונה און מיט אַ וויינענדיקן ניגון — פּלוצים שטאָקט זי מיט אן אָפן מויל. אין פענ־



סטערל פון יענער זייט באווייזט זיך א צעפּלעטשט פנים. א שטיל קלאַפּן אין פענסטער. מייטע — אַ רגע אינגאַנצן פאַרשטיינערט, הויבט אָן קומען פּאַוואָליע צו זיך, קוקט זיך איין און דערקענט, מאכט סימנים. אז יענער זאָל גיין ארום און ארום, ווו די טיר איז).

מאָטע שטשערב

א גוטן אָוונטן
דערקענסט מיך נאָך?

מייטע

שטאָט קלינגט דאָך, אז די ביזט דאָ—זאָל איך נישט דערקענען?
כ'האָב מיך טאקע געחידושט פאַרוואָס דו ביזט נאָך נישט
אהערגעקומען.
אי צו מיר, אי צו אים —
(שעלמיש)
דריימאָל מזל טוב צו ביטן מיר, און דריימאָל אים,
פאר דער חתונה און פאר בריתן צוויי.
(ווידער צעזאָרגט)
נאָר ס'איז שוין נעבעך גוט מיט אים,
(שטילער)
האַלב אויף יענער וועלט.

מאָטע שטשערב

איבריק יעדעס וואָרט, כ'ווייס אלץ,
און פאר אלץ בין איך מוחל,
כ'האָב צו קיינעם נישט קיין טענות, צו דיר אוודאי נישט.

מייטע

(נישט צופרידן)
אָבער ליב — האָסטו נאָך כאָטש א קאַפּעטשקע?
(צערטלעך)
איי א מעמיר, איי א מעמידן

אפשר ווילסטו דיך גאָר ארומוואשן?
אפשר איבערטון גאָר?
די מלבושים זיינע הענגען דאָך אין שאפע נעבעך
שוין זעקס וואָכן צייט

מ אָ ט ע   ש ט ש ע ר ב

אַ דאַנק, ווער דאַרף דאָס,
אַז אויסן בין איך עפּעס אַנדערש גאָרן
(מיט אַ מילדן שמייכל).
און אויף מיר? אויף מיר אַליין,
מייטעלע, פרעגסטו גאָרנישט,
אפשר לויפט מיין ווייב מיט די קינדערלעך
הינטער מיר צופוס —

מ י י ט ע

אַז ד'האָסט פון ווענטל דיך אַרויסגעדרייט
און קיין סאָלדאַטן מיט קיין ביקסן לויפן דיר נישט נאָך —
איז אַ ווייב מיט קינדער שוין אוודאי נישרי —
אַביסל משוגע ביזטו טאַקע,
אָבער מיט די יאָרן קומט דער שכל,
און די יאָרן זענען דאָ שוין, אי ביי מיר און אי ביי דיר.

מ אָ ט ע   ש ט ש ע ר ב
(ענטפערט נישט)

ווו ליגט ער?
שטאָט זאָגט, אַז ער האָט שוין איינמאָל שווערע היץ,
לאָז מיך צו אים,
אפילו ווען ער האַלט אַ רגע פאַרן טויט, לאָז מיך צו אים.
ווער איין רגע — און ווער צען רגעס, —
וועק אים אויף — מיך אַרט נישט —
אַלע וויל איך אויפוועקן, אַלע האָב איך צו זאָגן עפּעס,



און וואָס נענטער פאַרן טויט אַ מענטש איז — בעסער
קען ער מיך פאַרשטיין,
ווייל בעסער איז ער דעמאָלט.

מ י י ט ע

לאָז אָפּ, מאָטעלע, לאָז אָפּ מיט די זאַכן.
ער איז קוים איינגעשלאָפן ביי מיר אויף די הענט,
אַזוי ווי אַ קינד
אַ גאַנצן טאָג דאַרף מען אים ניאַנטשען,
און יעדן טאָג זיך דאָקטערן.
און ער ליגט און שרייט איינס — ער גלויבט נישט,
און חלומות האָט ער — אפילו דו קומסט אים אויך צו חלום.
און וו נעמט מען אויף אַ דאָקטער יעדן טאָג?

מ אָ ט ע   ש ט ש ע ר ב

מייטעלע, אַזוי ביטער האַלט עס?
און די גאַנצע שטאָט —

מ י י ט ע

נישטפאַרגינערסן
אָט דאָס פאַרשאָלטענע געלט — אי דו האָסט נישט און אי
מען גלויבט דיר נישט.

מ אָ ט ע   ש ט ש ע ר ב
(מיט איבערשוימענדיקער צערטלעכקייט)
מייטעלע,
דאַרף מען דיר דאָך העלפן, דאַרף מען דיר —

מ י י ט ע

(גליקלעך — ליגט אים אַרויף די הענט אויף די אַקסלען, קוקט טיף
אין די אויגן, גיט פון צייט צו צייט אַ גלעט אין פּנים)
טאָ הער-זשע, מאָטעלע,

ביזט דאָך עפּעס אַ פּריינט פון אַמאָל,
און אַ געוועזענער חתן און אַ ווילער בחור
דאַרף זיך אויספּיינען פאַר זיין געוועזענער כלה.
געדענקסט אויף דער לאַנקע
אין יענעם שבת פאַר דער שלאַכט?
געדענקסט?
בין איך נאָך אַ שיינע געווען, די שיינע מייטע,
און דו מיינסט היינט, אַז כ'טו מיך אָן —
געדענקסט, ווי דו האָסט דיך געעקט כאַטש אַ קוועטש צו טון
די האַנט,
און אַ קוש אין דער רויטער באַק —
טאַקע אַ מענטש פון פאַריין,
דעם רב רעדט מען טאַקע אָקעגן,
אין ביכלעך לעזט מען גאַנצע נעכט,
גליקלעך מאַכן וויל מען די וועלט,
אַלע מענטשן זאָלן שליסן אחדות —
נאָר אַ קוש פון אַ מיידל איז גאָרנישט שלעכט —
אויף עק וועלט האָסטו גיין געוואָלט,
און איך מיט דיר אויך.
און אַ גוט האַרץ האָסטו טאַקע געהאַט,
נאָר אים (ווייזט אין דער צווייטער שטוב) האָסטו
ביז איבערן ים פאַרטריבן נעבעך.
און מיך האָסטו צוגעזאָגט גליקלעך צו מאַכן,
און וואָלסט עס טאַקע געמאַכט,
ווען נישט די שלאַכט וואָלט געקומען —

מאָטע שטשערב

ווען אַלע מענטשן וואָלטן דאָס געוווסט, וואָס איך,
וואָלט צו קיין שלאַכט נישט געקומען.

מייטע

ניי שוין, נאַרעלע, ווער פרעגט דען ביי דיר?



איצט איז דאָך שוין פאַרפאַלן,
צוריק וועט גאָרנישט ווערן.
און אפשר האָט אונז אַלע גאָט געשטראָפט?
(מיט טרערן)
נאָר אַז אַלץ איינס בין איך שוין געשטראָפט,
און אַ מאַן מיט קינדערלעך צוויי —
און די פּאָר דאָלאַר –
אַ העלפט ביים דאָקטער און ביים אַפּטייקער
און אַ העלפט ווערט פאַרפוילט און צונישט, זינט וואָכן זעקס
ליגט עס אין קאַסטן אויף מאַרקן איבערגעביטן —
איז ווער-זשע דען זאָל ראַטעווען, ווען נישט אַ גוט האַרץ,
נישט דו?

מאָטע שטשערב

אָבער מייטעלע, איך האָב דאָך נישט.

מייטע

וואָס הייסט, טאָ וואָס-זשע האָט מען צוגעשטעלט צים ווענטל
דיך?

מאָטע שטשערב

צום ווענטל, זאָגסטו? ביזט טאַקע גערעכט,
גוט, וואָס דו האָסט עס דערמאָנט,
(גראַבלט און קערט איבער אַלעמאָל אַן אַנדער קעשענע פון מאַנטל, ביז ער געפינט)
דאָס האָב איך, אָט דאָס איז אַלץ
אפשר וועט ער טויגן.

מייטע

(נעמט גיריק, גייט דערמיט צום לעמפּל, באַקוקט פון אַלע זייטן, דערקענט דאָס מין געלט און וואַרפט עס מאָטען אין פּנים אַריין)
צו דיין וויסטן קאָפּ,
לאַכן לאַכט ער פון מיר,
אַ פּעקל שמאַטעס צאַרסקע דערלאַנגט ער.
אַז ס'קומט צום געלט, זענען אַלע אַלצאיינסן
כל-זמן מען האָט נישט, איז מען אַ גוטער.

מאַטע שטשערב

אָבער מייטעלע, מייטע, געליבטע מיינע,
הער מיך דאָך אויס א רגע —
דאָס איז אַלץ, וואָס איך האָב, דאָס האָט מען מיר ביי
א זוענטל געגעבן.
פון א יידן א סוחר עם צוגענומען,
א רגע פאַר זיין טויט.

מייטע

(הערט די ווערטער מיט שרעק)

פאַרנעם דיך דערמיט, פאַרנעם דיך,
פאַרבלוטיקט איז עס אויך נאָך — דאָס געלטן

מאַטע שטשערב

(ווילדקיים באַפאַלט אים)

הער מיך, מייטע, הער מיך,
דיר מוז איך אַלץ מתוודה זיין,
דו וועסט פאַרשטיין,
דו ווייסט נאָך נישט אַלץ, אָבער דו מוזט וויסן,
ער האָט דאָס העמד אויף זיך צעריסן,
און א בויך האָט ער געהאַט, א ווייסן בויך,
אזוי ווי געשוואָלן, אזוי ווי א דייזשע טייג,
אָבער איך האָב נישט געשאָסן —
איך נישט,
איך שווער דיר ביי מיין הארצן

מייטע

פון דער שטוב ארויסן
ארויס פון דער שטובן
א משוגענערן
וועמען זאָל איך אויפוועקן? נאָט מיין גאָטן
אז איינע אַליין בין איך אין שטובן
ער וועט אויפוועקן די קינדער, דעם טויטקראַנקן מאַן.
מי יודע צי ער ליגט שוין נישט וואָך?



געוואַלט, וואָס טוט מען?

(פאַרברעכט די הענט, וויל אַרומנעמען מאַטעס קניען)

געדענק אין גאָט און גיי
גיי אין דיין רו אריין
גיי אין דיין רו אריין

(שטעלט זיך אויף דער שוועל פון דער צווייטער שטוב, ווי זי וואָלט זי באַשיצן. פון אינעווייניק הויבט זיך אויף אַ געשריי פון דערשראָקענע קינדער. אַ מידע, קראַנקע שטימע רופט: מייטעלע, אוי, ס'איז מיר נישט גוט. ראַטעווען רוף מענטשן אריין מענטשן)

מאַטע שטשערב

(גייט הינטערוויילעכץ, דערשראָקן און אַלעמאָל האַסטיקער ארויס)

מייטע

(נעמט גיך אַראָפּ דעם לאָמפּ, פאַרשליסט הינטער מאַטען די טיר, פאַרהענגט דאָס פענסטער און דרייט זיך אוים אַריינצוגיין אין דער שטוב פון דעם תולה. אינמיטן — פאַרהאַנג)

ז י ב ע ט ע ר   ע ט א פ

# ל   ו   ו   י   ה

(אַ יידישער בית־עולם. אין הינטערגרונט אַ בערגל מיט מצבות. אויף דעם בערגל דינער שניי. פון פאָרנט אַן אויסגעקאָפּעט קבר)

ד ע ר  א י י נ פ י ס י ק ע ר  פ ו ן  פ י נ פ ט ן  י אָ ר
ד ע ר  פ ר ו מ ע ר  פ ו ן  פ י נ פ ט ן  י אָ ר
מ י י ט ע
ש כ נ ט ע
אַ  י ו נ ג ט ל ע כ ע ר  ר ע ד נ ע ר
י י ד  פ ו ן  ח ב ר ה  ק ד י ש א
ק ב ר ן
אַ קליינער, פאַרשידנאַרטיקער עולם מלווים
מ אָ ט ע  ש ט ש ע ר ב

ד ע ר  פ ר ו מ ע ר

(קומט צוגיין מיט אַ קרעכץ און שטעלט זיך ביים קבר)

ד ע ר  א י י נ פ י ס י ק ע ר

(הינקט אים נאָך, קרעכצט שטאַרקער, שטעלט זיך אויך ביים קבר אַוועק)

אזוי, אזוי פאַרגייט דאָס ביסל יאָרן,
היינט דרייצן יאָר — ווער וואָלט זיך גערעכנט?
פון אַ קאַטאָרגע אַרויס אין אַ קאַטאָרגע אריין.
מיט איין פוס דאָ — און מיט איין פוס דאָרט —



און דער קאָפּ איז גוט אין דרערד.
אַ יונגער נאָך געווען, דער חבר איצע,
אים איז שוין בעסער.

ד ע ר  פ ר ו מ ע ר

אַז דו ביזט אַלץ אָן אַ גאָט — ביזטו,
ווי קען דיר זיין גוט?
ווי דו זעסט מיך לעבן,
דיר וועל איך קיין ליגנט נישט זאָגן,
און דערצו נאָך דאָ אויף דעם בית־עולם,
ווי דו זעסט מיך לעבן — איך דאַוון מיט כוונה יעדן טאָג.
און ס'איז מיר טאַקע גוט, זאָג איך דיר, גוטן כ'האָב ווידער
אַ גאָט.

ד ע ר  א י י נ פ י ס י ק ע ר

דרייצן יאָר. ווי היינט נאָך שטייט מיר פאַר די אויגן יענע
נאַכט,
דער פירער פירט — פלוצים אויס מיט אים, און די נאַכט
האָט זיך צעפלאַקערט,
ווי אויף פליגלען האָט עס אויפגעהויבן מיך און אַוועקגעטראָגן,
און אויפגעכאַפּט האָב איך מיך ערשט אין בראָדער יידישן
שפּיטאָל.
נאָר אזוי ווי דעמאָלט האָב איך קיין איין רגע נישט געטראַכט
פון גאָט —
אזוי ביז היינט.

ד ע ר  פ ר ו מ ע ר

און וואָס־זשע? איז דיר בעסער שוין?
אַז דו וועסט ערשט גאָט דערפילן איין טאָג פאַר דעם אַ דאָ?

(צום קבר)

נישט יונגער ווערט דער מענטש, נאָר עלטער.

**דער איינפּיסיקער**

איין חילוק איז — דיין לעבן איז שוין פאַרביי.
מיינס קען זיך נאָך אויפהויבן צוריק.
אַז איך כאַפּ אַמאָל בשתיקה פאַר מיין ווייב אַ כאַפּ אַ קוק
אין אַ צייטונג,
קאָכט נאָך דאָס אַלטע בלוט אין מיר,
און ווי זי זוכט אַזוי די באַלעבאָסטע מיינע אין די קעשענעס
נאָך געלט,
וואָלט איך זי דערוואָרגן צוזאַמען מיט די בענקאַרטעס.
ווי אין אַ קבר ליג איך און וואַרט,
און נישט איינמאָל ביינאַכט דאַכט זיך מיר, איך הער
אַ געזאַנג, וואָס קומט פון רוסלאַנד אַהער —
זיי וועלן קומען, קומען, אַ לאָמער און אַן אַלטער וועל איך
מיטגיין נאָך מיט זיי.
מיט אונזערע אַלטע, געטרייע חברים.

**דער פרומער**

אָ, אַ שרעק צו הערן!
אַט האָסטו אים, וואָס מ'עט אים באַלד אין קבר לייגן אַט אָראָ,
אַ קינד געווען נאָך אין פינפטן יאָר,
אויף אונזער קאָפּ זיך אויסגעכאָוועט,
אומשטיינסגעזאָגט, ס'איז שוין דער צווייטער דור,
זע, ווי ער ענדיקט.
מיר אַלטע ווייסן דאָך דעם אמת.
אָ, אַן עוולה געטון — נישט געדאַרפט זיך יאָגן דאָ
דער ערשטער.
אַ מצווה נאָכצוגיין אַ מת און נישט פאַרויסצולויפן.

**דער איינפּיסיקער**

אַט זענען זיי שוין סיי-ווי דאָ
מ'דאַרף צוגיין העלפן.

(צדקה תציל ממות־געשריי — שטאַרבט אָפּ. דער ארון שווימט מיט נסים
אינמיטן עולם, וואָס שטופּט זיך ווילד אַרום אים. פּלוצים פאַלט דער



ארון, ווי אַ מידער, אַנידער, אויף דעם בערגל ערד ביים אויסגעגראָבענעם
קבר)

**מייטע**

(איין קינד ביי דער זייט, דאָס אַנדערע אויף די הענט)
מיין יונגער בוים — מיין טייערער שפּייזער,
אַזאַ יונגע אלמנה, אַזעלכע ווערעמלעך יתומימלעך,
זיי ווייסן דאָך נעבעך נישט זייער בראָך, זיי פילן דאָך נעבעך
נישט זייער ווייטיק.

(די קינדער העלפן מיט)

**קברן**

נו אַ,
די צייט שטייט נישט, ס'איז פרייטיק, יידן,
פאַרגעסט נישט — עס איז פרייטיק,
און גלאַט איז אַ סכנה איצט צו זיין אין דרויסן,
אַזוי פיל יידן — אַזוי פיל, קיין עין הרע.

**איינער פון עולם**

נו, חברים, דעקט צו דעם ארון!

**איינע פון עולם**

(נעמט אַרויס אַ קליינע רויטע פאָן און וויל צודעקן)
צוקאָפּנס, אָדער צופוסנס? — אינגאַנצן איז צו־קליין.

**שכנטע**

לאָז נישט, מייטע, לאָז נישטן
מ'האָט אָבער געוואָרנט, אַז זיי וועלן פאַרכאַפּן ..ב מת.
לאָז נישט, ס'איז דיין מאַן און דיין מת.

**מייטע**

אַזאַ טייערן טלית האָב איך נעבעך אַליין מיטגעגעבן,
און זיי ברענגען די רויטע פאַטשיילע.

אוועק, אוועקץ פון מיין טייערן מאַן, פון מיין ליכטיקן
שפּייזער,
אַזאַ יונגער בוים און אַזאַ יונגע אלמנה,
נעמט זיך בעסער אָן פאַר די אָרעמע יתומימלעך,
אַז עץ זענט יאָ סאָציאַליסטן.

שטימען
פאָלגטס נישט, חברים.
ער האָט ליבער געהאַט די רויטע פאָן.
אונזער בלינדער איציק איז אונזער חבר געווען.
מיר מוזן אים דעם לעצטן כבוד אָפּגעבן.
ווו איז דער רעדנער?
אפשר ווילן די עלטערן חברים רעדן אַ וואָרט.

דער איינפּיסיקער
(פאַרקוקט זיך אויף אַ בוים)

דער פרומער
(זוכט האַסטיק אַרום עמעצן)

שטימען
אונז קומט דאָס ערשטע וואָרט.
אפשר גאָר דער חבר מאָטען

מאָטע שטשערב
(זיין פּנים ליכט אויף און ווערט באַלד ווידער פאַרלאָשן)

שטימען
דער אָ?
ווער הייסט אים געבן אַ וואָרט?

קברן
(גיט אַ וואָרף מיטן פוס די פאָן)
נו, דער טאָג שטייט נישט,
מען דאַרף זיך נעמען צו דער לאָפּעטע.



יידן העלפּטסן
אַזיסט וועט עץ אים דאָ אַליין באַגראָבן.
דאָ איז נישט קיין טעאַטער, דאָ,
דאָ איז נישט קיין פאַריין.

שטימען
וואַרפטס אים אוועק, דעם אַלטן.
ס'איז אונזער חבר איציק דער בלינדער.
מ'דאַרף אים מספּיד זיין, ווי ס'קער צו זיין.
און זינגען, אַזוי ווי מען האָט אָפּגערעדט — נון

(כאַפּן אונטער פּלוצים די ערשטע טענער)
גוטער פריינט, אַז איך וועל שטאַרבן,
ברענג צו מיין קבר דאָן מיין פאָן,
די רויטע פאָן מיט רויטע פאַרבן — —

(געזאַנג פּלוצים איבערגעזעגט)
ווער האָט געהייסן זינגען?
פריער דאַרף מען מספּיד זיין.
ס'איז דען דיסציפּלינירטע חברים?
ס'איז דאָך אידיאָטן.

מייטע
מיין טייערער שפּייזער,
מיין טייערער מאַן

שכנטע
מייטע, מיש דיך אַריין,
האָב רחמנות אויף דיר אַליין.
ווייניק האָסטו געהאָרעוועט אויף אים?
ווער סמעיעט דיר דיין מאַן צוצונעמען?
דער שבת וועט נאָך צופאַלן חלילה,
וועסט אים נישט ברענגען צו קיין קבר־ישראל, דיין הייליקן
מאַן.

(הויבט אָן שטופּן זיך)
לאָזט, לאָזט שקצים,
קבֿרן, נו, וואָס שטייט איר ווי אַ גולם?

**מייטע**
בעסער וואָלטן זיי די יתומימלעך געראַטעוועט.

**שטימען**
נו, ווו איז דער רעדנער?
ר'האָט מורא באַקומען? דאַרף מען אַן אַנדערן נעמען.

**יונגנטלעכער רעדנער**
(רוקט זיך אַרויס, שטעלט זיך אויפן בערגל ביים קבֿר. ציטערט לאַנג, מ'האָט מיטלייד מיט אים און מ'לאָזט אים. ענדלעך ציטערט ער זיך אויס — דער עולם ווערט שטיל)
חברים און חברטעס!

**מאַטע שטשערב**
(אין גרויס אויפרעגונג קוקט גלייך דעם רעדנער אין מויל אַריין)

**יונגנטלעכער רעדנער**
חברים און הברטעסן
חברים!
חברטעס!
חב—רים —
און
חבר—טעס —
טייערער חבר איציק אין קבֿר —
קודם וויל איך דיך באַגריסן צו דיין יונגן טויט —
אַזוי ווי דיין לעבן איז דיר שווער געוועזן —
אַזוי זאָל דיר גרינג זיין די ערד —
און איך באַגריס אייך — איר אָרעמע אַלמנה —
און אייך יתומימלעך יונגע —



(פאַרהאַקט זיך)
חברים,
חברים —

**שטימען**
צום ענין זאָל ער רעדן,
מ'דאַרף אים צונעמען דאָס וואָרט

**יונגנטלעכער רעדנער**
(האַסטיק)
ליבער חבר איציק אין קבֿר,
דו ביזט שטענדיק געוועזן מיט אונז, מיט אונז מיט דער יוגנט,
ווער געדענקט דיך נישט, איידער דו ביזט קיין אַמעריקע אַוועקגעפֿאָרן,
האָסט געלעזן מיט אונז און געלערנט מיט אונז —
נאָר אַז דיין האַרץ איז צעבראָכן געוואָרן —

**מאַטע שטשערב**
(געשריי און ווידער שטיל)
איך וויל אַ וואָרט, איך מעלד מיך צום וואָרטן

**שטימען**
מאַטען מוז מען לאָזן רעדן!
ס'איז אַן אַלטער חבר,
אָבער שפּעטער.

**יונגנטלעכער רעדנער**
חברים,
און אַז זיין האַרץ איז צעבראָכן געוואָרן,
האָט אים דער גרויסער און דער מאַכטיקער שטראָם
פון עמיגראַציע אַוועקגעטראָגן
ביז איבערן ים אַריבער זוכן פּראַצע פאַר זיינע הענט,
האָט אים די קוראַוויצער ערד אַרויסגעשליידערט פון אירע וואַרעמע אָרעמס.

אין דער ברייטער און אין דער קאַלטער וועלט אריין,
האָט ער זיין בלוט אוועקגעגעבן פאַר אַ שטיקל ברויט,
אזוי ווי אַלע פּראָלעטאַריער,
אָבער דו, חבר איציק, ביזט געטריי געבליבן צו דיין מאַמען,
צו דער ערד פון קוראוויץ,
און ביזט צוריקגעקומען אויף אַ שווערער פּראַצע אויך אהער,—
די דאָזיקע ערד האָט דיך, דו פּראָלעטאַריער, ארויסגעשליי-
דערט פון דאַנעט,
און די דאָזיקע ערד שליסט דיך איצט ווידער אין איר
ווארעמער שוים —
און די רויטע פאָן, וואָס דו האָסט איצט ארויסגעלאָזט
פון דיינע הענט,

פון דיינע מאָזאָליעם —

## מייטע

מיין ליכטיקער שפּייזער —

## יונגטלעכער רעדנער

מיר באַגריסן דיך אין דיין היימישער ערד צוריק,
אויף שטענדיק שוין צוריק –
(טרערן שטיקן אים)
די ערד זאָל דיר גרינג זיין.
(דעקט אָפּ דעם קאָפּ, הויבט אָן זינגען)
אַ גוטער פריינט — —

## שטימען

(ווילן אונטערכאַפּן, עס ווערט אַ טומל, איינציקע זינגען און ווער'ן באַלד אויך אַנטשוויגן)
ווער וויל נאָך אַ וואָרט?

מאָטען

נישטאָ קיין צייטן

## ייד פון חברה קדישא

איר וועט רעדן נאָך דער קבורה,



שטייט דען אין אייער דין פאַרשריבן, אז איר דאַרפט
פאַר דער קבורה מספּיד זיין?
נו קברן, די קרשים אויף און דאָס מת אראָפּגעלאָזטן
גיט אהער דעם בחור — ווער וועט מיט אים קדיש זאָגן?

## מאָטע שטשערב

(בלייבט מיט אַן אָפן מויל)

## דער פרומער

(רוקט זיך ארויס און זאָגט קדיש מיטן קינד)

## קברן

(לאָזט אַראָפּ דעם ארון)

לייכט ווי אַ פעדערל, נעבעך אויסגעמוטשעט אים די קרענק.
(מייטע כאַפּט אונטער די ווערטער מיט אַ געוויין-געשריי)
(אַ חברטע גייט צו און לייגט אוועק אויף דעם גיך צוגעשיטן קבר די רויטע פאָן, ייד פון חברה קדישה גיט עס אַ שליידער מיטן פוס. עס בלייבט שוין הענגען אומבאַמערקט אויף אַ פּלויט. מען הויבט זיך אָן צוגיין און וואַרפן גרודקעלעך ערד הינטער זיך)

## מאָטע שטשערב

וואָזשע גייט מען שוין?
ווערזשע וועט מיך הערן, ווער?

## מייטע

מיין טייערער שפּייזער, מיין ליכטיקער מאַן —
מיינע אָרימע יתומימלעך, איך אָרימע אלמנה —
(די ווערטער חזרן זיך איבער כסדר, גייען לאַנגזאַם איבער פון געוויין אין געזאַנג — און מיט דעם געזאַנג, מיט די יתומימלעך און מיט דער שכנטע, גייט זי — אַ פאַרלוירענע אין זיך — אוועק, איר געזאַנג פאַר-שטומט לאַנגזאַם פון ווייטן)

**דער פרומער**

(צום איבערגעבליבענעם איינפּיסיקן)

די נאַכט פאַלט צו, די נאַכט

אַ שווערער שבת — און דערצו דער קורצער פרייטיק —

(עס שוידערט אים)

כסדר דונערט עס מיט שאָסן — קיין מענטש ווייסט נישט
פון וואַנעט סקומט.

לונעם שטייען אין הימל —

ערגער ווי אין גזירת ת״ח און ת״ט —

ווו איז ערגעץ נעלם געוואָרן די רויטע פאָן?

מ׳דאַרף זי צונעמען פון דאַנעט

**מאַטע שטשערב**

(כאַפּט צו די פאָן, באַהאַלט זי אונטער דער פּאָלע)

ס׳איז מיינע, מער קיינעמס נישט.

**דער פרומער**

(רוקט זיך אָפּ מיט א טרייסל פון פּלייצע — גייט אוועק וואָס גיכער)

**דער קבֿרן**

(צום איינפּיסיקן און צו מאַטן)

נו, יידן ס׳איז שפּעט,

איר וועט דאָך דאָ נישט האַלטן שבת, די פּאַרטקע דאַרף מען
אויבעט צושפּאַרן.

די גוים האָבן שוין אַראָפּגעלאָזט די הינט — מ׳דאַרף
צוזאמען גיין.

**דער איינפּיסיקער**

(דערשראָקן פון דער איינזאמקייט — דערלאַנגט גיך מאַטן די האַנט)

אַ גוטע נאַכט, חבר — פאָלגט מיך און קומט מיט —

(הינקט גיך נאָך דעם קבֿרן)

אַ גוטע נאַכט, חברן



**מאַטע שטשערב**

אַ גוטע נאַכט, חבר —

חבר —

(בלייבט א רגע פאַרשטיינערט מיט דעם וואָרט אויף די ליפּן. נעמט
ארויס די רויטע פאָן, וויקלט זיך אין איר)

חבר,

חברים,

חברים אויף דער ערד,

און חברים דאָ אין אירן

פון דער גאַנצער וועלט — פון מערב און פון מזרח,

פון צפון און פון דרום,

מיט שווערט אין דער האַנט — און אָן אַ שווערט —
הערטן

די ווערטער מיינע, די ווערטער פון איינעם, וואָס האָט עס
פאַרשטאַנען.

צו אייך חברים דאָ אין דער ערד,

וואָס אייער בלוט האָט זיך אויסגעמישט מיט דעם בלוט
פון דער מאַמען, דער ערד,

אייך האָט שוין דער מלאך פון דער לעצטער חכמה

אויף דעם פאַרטרוקנטן מויל געקושט,

נישט מיין מוח האָט עס אויסגעטראַכט,

וואָס אַ מוח טראַכט אויס קענען אנדערע קיינמאָל באַנעמען,

מיין האַרץ האָט עס אויסגעקלערט,

ווען דאָס בלוט האָט געזעצט אין אים,

חברים שטייט אויף און דעקט אָפּ די ערד,

איר, וואָס איר זענט איין רגע נאָר געווען אויף יענער
זייט האָס —

איר האָט עס פאַרשטאַנען —

קומט צוזאַמען מיט מיר —

זאָל דאָס צעבראָכענע קול מיינס נישט גייז אין די מוחות אריין,

נאָר אין הערצער גלייך,

רויטבלוטיק, ווי דאָס רויט פון דער פאָן –

לאָמיר פון היינט אָן זי אַנדערש פאַרשטיין,
דערהערן אין איר פלאַטערן —
געוויש פון שטרוימענדיק מענטשן-בלוט
יעדעס האַרץ — אַ ים פון בלוט,
אַלע הערצער איין גרויסער ים —
אין יעדן האַרץ, אין דער טיפסטער טיף, אין דער
הארציקסטער מיט.
אַ פונק פון ליבע גליט —
יעדעס האַרץ — אַ פונק, אַלע הערצער איין גרויסער פלאַם
פון ליבע און פון מענטשלעך בלוט —
היי אינטערנאַציאָנאַל
פון בלוט —
דאָ שפרייט איך אויס דיין פאָן צום ערשטן מאָל,
צווישן די קברים שפרייט איך זי אויס,
אַ מענטש — וואָס קיינער קען נישט מיין נאָמען —
דאָ אויף דעם פרישן קבר פלאַנץ איך דעם זאָמען פון
לעצטן אינטערנאַציאָנאַלן

(בלייבט אין וואַנזיניקער פאַרציקונג)

צו דער וועלט וועל איך גיין, צו די גרויסע שטעט,
און ווייזן די פאָן און זאָגן איין וואָרט
דערזעט דאָס בלוט אויף איר — ביז אַלע וועלן דערזען

(לאָזט זיך גיין גלייך אָבער אין אַן אַנדערער ריכטונג, ווי די פריערדיקע)
(מיט צופאַלנדיקער פולער פינצטערניש — פאָרהאַנג)

## אכטער עטאפ

# ערב ערשטן מאי

זאַל פון אַ וואַרשעווער יידישן פראָפעסיאָנעלן פאַריין. אין דער הויפּט וואַנט אַ רייע אָפענע פענסטער צו אַ גאַס־צו. רעכטס קליינע עסטראַדע. לינקס איינגאַנגסטיר. האַלץ־בענק איבער דער גאַנצער לענג פון דער בינע. פאַרזאַמלונג. דער עולם — אַ געמיש פון מיידלעך, יונגלעך, דערוואַקסענע, חסידיש־געקליידטע מענער, אָפּגעריסענע און עלעגאַנטע, גאַר יונגע, כמעט קינדער, און עלטערע. בילדער: מאַרקס, לאַסאַל, היינע, פּרץ

פאַרזיצער
פּראָלעטאַרישער וועטעראַן
לינקער
רעכטער
בירגערלעכער
פרומער
דעזאָריענטירטער
דעמאַגאָג
פּראָוואָקאַטאָר
פאַרשטייער פון צ. ק.
מיליציאָנער
שטאַרקער
דיכטער
פאַנטרענעריין
מאַטע שטשערב

(פאַרן פאָרהאַנג טומל און געשריי, כסדרדיקער קלאַנג פון אַ גלאָק. פאָרהאַנג)

פ אָ ר ז י צ ע ר

(דער גלאָק גיים פון זיין האַנט נישט אַרויס. צו יעדן וואָרט און כסדר קלינגט ער)

די פאָן איז ווידער צווישן אונז,
שטייט אויף, באַגריסט זי מיט געזאַנגען

פ אָ נ ע נ ט ר ע נ ע ד י ן

(די פאָנענשטאַנג ווערט באַפעסטיקט צו דער עסטראַדע. די פאָנענטרעגערין שטייט די פאָן פאַנאַנדער, אַז די אויפשריפט זאָל אַלעמען שיינען. פאַר־דעקט זיך דאָס פּנים מיט די הענט און בלייבט שווייגנדיק די גאַנצע צייט ביי דער פאָן — אויבן פּוס אויף דער עסטראַדע)

מ י ל י צ י אָ נ ע ר

(ווען דער עולם נעמט כאָטיש די ערשטע טעג־עך פון אינטערנאַציאָנאַל)

א שיינער געדאַנק,
אָבער מענטשן מוזן אויך שלאָפן גיין,
און די רעזאָלוציע מוז פאַר צוועלף פאַרטיק זיין.

פ אָ ר ז י צ ע ר

נעמט אייך נישט איבער,
נאָר אייער פאָרשלאָג נעמט מען אָן.

(שטעלט אָפּ מיט אַ געהעריקער האַנטבאַוועגונג דאָס אָנגעהויבענע געזאַנג)

שטילער חברים!
דער רעפעראַט — דער פאָרשטייער פון צ. ק.

פ אָ ר ש ט י י ע ר פ ו ן צ. ק.

חברים
מיין וואָרט איז קורץ — מיין רעפעראַט
באַשטייט פון ווערטער פינף:



מיר מוזן דעמאָנסטרירן אין גאַס!
אונזער קעגנער — מאַכט. מיר — אויך מאַכטן
אונזער קעגנער — האַס, מיר — אויך האַסן
מיר זענען אין צען פּאָליטישע פּאַרטייען דיפערענצירט,
אָבער איינאיינציקער פראָנטן
די געדאַנקען זענען רייף, די טעאָריע דורכגעטראַכט,
געזעץ־בוך איז ז י י ן קאָמוניסטישער מאַניפעסט,
מיר זענען אייגנטימער פון דעם לאַנד, די שאַפער פון זיין
ווילשטאַנד,
און נישט קיין צופעליקע געסט.
מיר ווייסן און קענען אונזער רעכט,
אָבר רעכט איז א פראַגע פון מאַכטן
מער מאַכט דו האָסט, מער רעכט האָסטו
ווילן מיר מערער מאַכט — צו האָבן מערער רעכטן
און די גאַס איז דער סימבאָל פון מאַכט,
ווער זי באַהערשט — באַהערשט די סיטואַציע,
חברים, אין גאַס קומט־פאָר אונזער מאַי־דעמאָנסטראַציע
(טומל מיט אַפּלאָדיסמענטן געמישט)

מ אָ ט ע ש ט ש ע ר ב

הבר פאָרזיצער, פאַרשרייבט מיך צום וואָרטן

פ אָ ר ז י צ ע ר

וואָסער פאַך?

מ אָ ט ע ש ט ש ע ר ב

נאָדל.

פ אָ ר ז י צ ע ר

(קוקט פאַרדעכטיק)

די לעגיטימאַציע.

**מאַטע שטשערב**

(מיט ציטערנדיקע הענט ווייזט זי)

**ענטוזיאַסטישע און ברוטאַלע שטימען**

מיר קענען אים.

לאָזט אים רעדן, חבר פּאַרזיצער.

צום רעדן קערן צוויי — ווער וועט הערן דעם אידיאָט.

לאָזט אים היינט רעדן, ער חלומט לאַנג שוין דערפון.

א חבר מיט א גאָלדן האַרץ.

דער אידיאָט, אָ?

ווייסט בעסער פאַר אייך, וואָס ער וויל.

**פאַרשטייער פון צ. ק.**

(צום פאַרזיצער)

קענסט אים?

**פאַרזיצער**

קיינמאָל נישט באַמערקט. א צוגעפאַרענער, ווייזט אויס

שאַ חברים, דער חבר וועט באַקומען דאָס וואָרט,

ווי הייסט ער?

ווי? מאַטע שטשערב? א מאָדנער נאָמען.

די רעדנער-ליסטע ווערט געשלאָסן — חבר מאַטע שטשערב

וועט זיין דער לעצטער רעדנער.

איר באַקומט דאָס וואָרט, חבר.

**פּראָלעטאַרישער וועטעראַן**

איר חברים, יונגע, אייך וועט נאָך אפשר דער זיג געהערן,

איר קענט נאָך רעדן און איר מעגט נאָך הערן.

אייער דער קאַמף און איר קעמפט נאָך פאַר זיג,

מיר אָבער קערט שוין נישט מער נאָר דער קאַמף,

אויב די היים איז דאָרט, וווּ דער מענטש פאַרברענגט

זיינע יאָרן.



איז מיין היים דער סיביר און די תפיסה געוואָרן,

און ווי דער מאַטראָס שטאַרבט אויף דעם וואַסער,

שטאַרבט אויף דער גאַס דער פּראָלעטאַריער,

מיינע קינדער — ווער ווייסט, ווו זיי זענען?

מיין ווייב — צוואַנציקיעריק געשטאָרבן.

אויב איר וועט נישט גיין אליין — וועל איך גיין,

איינער אליין מיט דער פאָן,

מיין איז דער קאַמף און דער טויט,

אייער דער זיג און דאָס לעבן!

(אפּלאָדיסמענטן און ווידערשפּרוך. דער רעדנער בלייבט שטיין)

**פאַרזיצער**

געענדיקט?

**פּראָלעטאַרישער וועטעראַן**

מער האָב איך גאָרנישט צוצוגעבן.

גלאַט אַזוי זיך פאַרטראַכט.

(אַראָפּ)

**לינקער**

חברן איצט קומט מיר א וואָרט!

**רעכטער**

מיר קומט א וואָרט!

**פאַרזיצער**

נישט אייך און נישט אייך, נאָר דעם, וואָס איז פאַרשריבן.

איר וועט רעדן!

**לינקער**

פראַזן, פראַזן, פראַזן-דרעשער זענט איר אלע!

(טומל — ווערט סוף־כל־סוף באַרויקט)

דאָס לאַנד איז אָנגעברייטן!

דער איינציקער כח איז און קען זיין דער פראָלעטאַריאַט
פון שטאָט און דאָרף

איר וועט זיך אַמפּערן, מיט פּראַזן באַלעקן,
דערווייל וועט אויסשטרעקן
דער ערשטער בעסטער די האַנט,
און איינגעמען דאָס לאַנד, וואָס קערט צו אונז.
און איר וועט ווידער שטיין — פּראַזן-דרעשער דיכטערישע—
פאַר אַן אייזערנער וואַנט —
און בּרעכן און בּרעכן — —
בּרעכן ווילט זיך פון אייערע פּראַזן
נישט נאָר אַ דעמאָנסטראַציע, נאָר אויך אַ טאַטן
ליכטיק שיינט אונז דער בּיישפּיל פון מזרח,
ווער עס קען וועלן, מוז וועלן אויך קענען
שטייט אויף, דערהערט די צויבּערווערטער:
טראָצ—קי, לע—נין

פּ ר אָ װ אָ ק אַ ט אָ ר

(רוקט זיך צו דער עסטראַדע, אפּלאָדירט געוואַלטיק, אָבער רייסט דאָך
נישט מיט)

דער חבר איז גערעכטן
אַוודאי איז ער גערעכטן
ווי הייסט איר, חבר? אַוודאי זענט איר גערעכטן
זאָל מען מיר נאָר לאָזן נעמען אַ וואָרט, וועל איך זיי
אריינזאָגן שוין.

מ אָ ט ע ש ט ש ע ר בּ

(גייט צו געוואַלטיק צום פּראָוואָקאַטאָר)

דאָס זענען בּרידער, איין בּלוט, בּלוט פּילט דאָס בּלוט,
שלאָגן זיך, רייסן זיך, אָבער זענען איינס.
נאָר דו, וואָס טוסטו דאָ?
גיסט אים אוים פון דאַנעטן
מיסט זאָל צו מיסט גיין



(אין דער פאַרזאַמלונג ווערט פּלוצים שפּאַליר, שריטווייז און הינטער-
ווײַלעכץ גייט דער פּראָוואָקאַטאָר אַרוים, מאַטע שטשערב שקיטווייז אים
נאָך. בּיי דער טיר):

פירט ווייטער, חבר פאַרזיצער

(ער קערט זיך אום)

ר ע כ ט ע ר

קיין טעות נישט — דאָס וואָרט האָב איצטער איך.
אויב מיר זענען פּראַזן-דרעשער — לינקער חבר,
זענט איר דאָך אַ ווינטמיל אַ גאַנצע — ·

(געלעכטער)

נישט געלאַכט, ווייל ווי איז דעם, וואָס שטייט אין קריין
פון אָט די ווינטמיל-פּלינגלען.
פאַר טאַטן שרעקן מיר זיך אויבעט נישט,
און שווימען קענען מיר נאָך אויך
דורך דעם טייך פון טאַט, פון בּלוט און טרערן,
נאָר פריער מוז מען אויסמעסטן די טיף,
אַזיסט וועט מען גאָר באַלד דערטרינקען ווערן

ש ט י מ ע ן

צום ענין!

ר ע כ ט ע ר

אויב מיר האָבן גענוג מיליץ,
און אויב זיך פאַרשטענדיקט מיט פּע. פּע. עס. —
בּין איך נאָר דערפאַר, אַז ווײַבער זאָל מען דאָס מיטגיין
פאַרבּיטן

פ אַ ר ז י צ ע ר

דער פאָרשלאָג איז קלאָר, מען וועט אים שטימען.
איצט וועט איר קומען.

ב י ר ג ע ר ל ע כ ע ר
מיין שטאַנדפּונקט איז אייביק איינער: פּראָפעסיאָנעל
איך ווייס נישט וואָס האָט די פּאָליטיק
באַר א שייכות מיטן לוין פון אקאָרד און פון שטיק?

מ אָ ט ע  ש ט ש ע ר ב
נעמט אים צו דאָס וואָרטן
מיר וואַרפן עס אים אין פּנים צוריקן

ש ט י מ ע ן
קוק אים נאָר אָן, קוק אים אָן,
גאָרגלט זיך ווי א געקוילעטער האָן.
וואָס איז דאָס פאַר אַ אָרדנונג, ווער איז דאָס דער רעדנער?

מ אָ ט ע  ש ט ש ע ר ב
אָבער איך קען נישט שווייגן, אָבער זיינע ווערטער:
פּראָבעסיאָנעל,
דאָס זענען די אומזיכטבאַרע שטריק,
וואָס פאַרהאַלטן די וועלטרעוואָלוציע.

פ ר ו מ ע ר

(אין טומל באַקומט ער א ווונק פון פאַרזיצער, גייט אַרויף אויף דער עסטראַדע, קוקט נישט אויף דעם טומל און רעדט ווי פאַר זיך, שפּעטער הערט מען אים)
אַ בּפירושער פּסוק פון ישעיהו הנביא —
מוז מען מקיים זיין, מקיים זיין און וואַרטן,
ווער עס גלויבט אין תחית המתים,
נישט שווער קומט אים אָן דאָס וואַרטן,
יידן, די בעסטע מידה זיך נישט צו מישן,
יידן, וואָס טויג דאָ צו רעדן די נאַרישקייטן,
יידישע הערצער האָבן מיר דאָך אַלע —



ש ט י מ ע ן
אַ חוצפּה פון אַ חסיד.
צום רבּין, צום רבּין, קיין נער.
פּראָפעסיאָנעלער שיריים-כאַפּער.

פ ר ו מ ע ר
שאַ, שאַ — (טראָגט זיך אָפּ)

ד ע ז אָ ר י ע נ ט י ר ט ע ר
(פאַרנעמט באַלד זיין אָרט)
אַ יאָ צו מיר האָט איר געוווּנקען?
מ'דאַרף מיך אויכעט אויסהערן,
מ'דאַרף אָננעמען דעם פאָרשלאַג פון צע. קאַ.
מ'דאַרף זיך ענג פאַרבינדן מיטן אינטערנאַציאָנאַלן
פּראָלעטאַריאַט,
איך ווייס נישט פאַרוואָס מען קען נישט גיין צוזאַמען
מיטן דריטן אינטערנאַציאָנאַל?
אַז דער צע. קאַ. באַשליסט — מסתמא ווייסט ער גוט,
וואָס ער האָט צו טון.
מ'דאַרף שטימען יעדן פאָרשלאַג באַזונדער.
מ'דאַרף —

ש ט י מ ע ן
מ'דאַרף אייך צומאַכן דאָס מויל.

ש ט אַ ר ק ע ר
(שטופּט אַראָפּ דעם דעזאָריענטירטן)
מיר אַ וואָרט, דיר אַ וואָרט — טיילט ענק מיט כּיבּודים,
נאָר דאָס אמתע לעצטע וואָרט האָב יאָך, יאָדן
עץ מעגט ראַדזען ביז מאָרגן אין דערפרי,
נאָר יאָך דאַרף וויסן קלאָר, מ'גייט, צי מ'גייט נישט?

רעוואָלוציע, שמעוואָלוציע — אַ מענטש קען האַלטן נאָר איין שטעקן,

און מ׳קען אים שפּאַלטן נאָר איין שאַרבן

און מער ווי איינמאָל קען אַ מענטש נישט שטאַרבן

מ׳גייט, צי מ׳גייט נישט?

פ אָ ר ש ט ײ ע ר פ ו ן צ. ק.

אַ חבר מיט שׂכל קומט אין דער ריכטיקער רגע,

אַלע ריכטונגען זיך שוין אַרויסגעזאָגט,

אָפּשניידן דאַרף מען די רעדנער-ליסטע

נאָך וויכטיקע רעדנער פאַרשריבן?

פ אָ ר ז י צ ע ר

(קוקט אין צעטל)

אָן באַדײַטונג.

ד ע מ אַ ג אָ ג

(שרייט צו דער פאַרזאַמלונג)

עק וועלט, חברים!

אויב אַפילו דאָ, אין די אייגענע, בלוטיק-פאַרהאָרעוועטע פיר ווענט,

קען מען זיך נישט צעפירן די צונג און די הענט —

אויב אַפילו דאָ פאַרשטאָפּט מען דיר דאָס מויל — איז טאַקע עק וועלטן

ש ט י מ ע ן

מ׳דאַרף אויסהערן אַ חבר!

הערן דאַרפן מיר דאָך, מ׳רעדט דאָך צו אונדז

און מיר ווילן הערן דעם חבר

ד ע מ אַ ג אָ ג

איר, חבר פאָרזיצער, דאַרפט זייער ווילן טון



זיי גיבן מיר אַליין אַ וואָרט עס קערט צו מירן

(אָנגעצויגענע שטילקייט, גרייט יעדע רגע אָנצוצינדן זיך און געשריי צו ווערן)

חברים! אין אַלע עקן איז אָנגעצונדן די וועלט,

די פייערצונגען לעקן אירע ווענט,

פון אַלע עקן וועלט געשרייען: די וועלט ברענט!

ווער איז געוועזן דער היסטאָרישער בויער פון דער וועלט?

ש ט י מ ע ן

מירן

דער פּראָלעטאַריאַט!

ד ע מ אַ ג אָ ג

ריכטיק געזאָגט,

אָבער די וועלט איז פויל, סיי-ווי-סיי זענען פויל די ווענט!

דאַרף מען ראַטעווען אַזאַ אַ וועלט?

ש ט י מ ע ן

ניין!

זאָל זי פאַרברענט ווערן!

ד ע מ אַ ג אָ ג

ריכטיק געזאָגטן

אָבער אַז זי וועט פאַרברענט ווערן, צו וועמען וועט זי געהערן?

ש ט י מ ע ן

צו אונדז!

צום פּראָלעטאַריאַט!

ד ע מ אַ ג אָ ג

דעריבער איז מיין פאָרשלאַג קעגן אַלע פאָרשלאָגן,

דעריבער איז מיין רעזאָלוציע קעגן אַלע רעזאָלוציעס.

די וויכטיגייטנדסטע פון אַלע,

אין דאַרף די ערשטע ווערן געשמימטן

שטימען

זאָגט, מיר וועלן שטימען פאר אירן

דעמאַגאָג

אונזער ערשטע לאָזונג איז: זעקס שעה דער ארבעטס-טאָגן
אונזער צווייטע לאָזונג איז: אַלגעמיינע העכעוונג
פון ארבעטס-לוין

און אונזער געווער: דער שטרייקן
שטרייק איז פון אייביק אָן געוועזן פייער אונטער די ווענט
פון דער וועלטן

ווייזט מיר די האַנט פון אַן ארבעטער,
וואָס וועט זיך הויבן צו ארבעט, ווען,
ווען ערגעץ-ווו וועט זיין פּראָקלאַמירט
דער שטרייק פון דער גאנצער וועלט, וואָס וועט ווערן אזוי
לאַנג געפירט,

ביז וואַנען ס׳וועט אַלץ זיך צוזאמענפאלן
און אויף די חורבות וועט אויפשטיין דער אינטערנאציאָנאַל
פון די אינטערנאציאָנאַלן,

צו רעגירן איבער דער נייער וועלט!
(שטורעמדיקע אַפּלאָדיסמענטן — ווערן פּלוצים פארשוויגן)

פּאַרזיצער

פּאַרמעל—איר דאַרפט זיך האַלטן אין די ראַמען פון דער
היינטיקער זיצונג.

(נוצט אויס די פאַרגאַפונג פון עולם און באַהערשט ווידער די סיטואַציע)
נאָך דער רייע—מיר שטימען דעם פאָרשלאַג פון דעם צ.ק.
ווער איז פאר אים? ער איז קלאָר פאָרמולירט.

מאַמע שטשערב

א ווייַט, נאָר איין וואָרט!
ענטפערן, רעדן, נאָר איין וואָרטן!



פּאַרזיצער

נישטאָ קיין ווערטער מער און קיין שום פאָרמעלער גרונט
איין צו געבן.

שטימען

אָן פאָרמאַליטעטן! גיט אים אַמאָל דאָס וואָרטן
גיט אים, חבר פאַרזיצערן
זאָל ער זיך אַראָפּרעדן פון האַרצן
ניין, נישטאָ קיין אויסנאַמען
נישטאָ קיין סענטימענטן!

מאַטע שטשערב

(פּראָ- און קאָנטראַ-שטימען טומלען ווייטער, דער גלאָק קלינגט בשעת
ער רעדט, אין די קורצע פּויזעס פון טומל הערט מען אייניקע פראזן)
אַלע האָבן גערעדט — און אַלע זענען גערעכט —
נאָר די אידעע, די גרויסע אידעע — איז נישט געווען
צווישן אונז —
אין טרויער פלאַטערט זי איינזאַם. אָדאָ —
זעט, ווי דאָס בלוט טריפט אויף אונזערע קעפּ —
פון דעם צעשטאָכענעם האַרץ פון אונזער פאָן —
אונזער פאָן האָט אַ האַרץ און איר רעדט נישט קיינמאָל
דערפון —
איר האָט די אידעע דערטרונקען אין בלוט און אין בלוטיקע
רייד —
איר האָט זי מיט האַרטע דאָגמען פאַרשטיינערט —
איר האָט זי געהילט אין תכריכים פון אויפרופן און פון
פלאַקאַטן —
איר זענט זי מספּיד אין אַגיטאַציע-רעדעס —
און איר ווייסט אַליין נישט דערפון —
איר באַגראָבט זי אין שטויב פון טעאָרעטישע ביכער —
(דערווייל שטעלן זיך אויס אויף דער עסטראַדע: פאַרשטייער פון צ. ק.,
מיליציאָנער, פּראָלעטאַרישער וועטעראַן, שטאַרקער, הויבן אָן מיט האַנט-
באַוועגונגען צו באַהערשן דעם עולם)

### פ א ר ז י צ ע ר

(פלוצים שניידט ער דורך מיט אַ שאַרף געשריי דעם טומל)

ווער איז פאר דער רעזאָלוציע — הויבט די האַנטן!

(אַלעמאָל מערער און מערער הענט הויבן זיך — ביז די רעזאָלוציע גייט איינשטימיק דורך)

איינשטימיק באַשלאָסן — עס ווערט אויף דער גאַס

דעמאָני טרירטן!

(פאַרשטייער פון צ. ק., מיליציאָנער, שטאַרקער — אַפּ)

די פאַרזאַמלונג קען ווייטער גיין — פאַרשלאָגן פריי,

דאכט זיך, אַז איר האָט נאָך נישט גערעדט.

### ד י כ ט ע ר

(יונגוואַרג, דער עיקר מיידלעך, זאַמלען זיך אַרום אים, אַלץ איבעריקע דיסקוטירט אין גרופּן)

מיר אָרעם, מיר ליידנדיק פאָלק,

מיר פרויען שוואַנגערע מיט רויטצעגליטע באַקן —

בית-הקברות-רויזן

אונזערע האָר קריכן אויס, אונזער מוטערלייב פאַלט

פון שוואַכקייט אַפּיר,

אונזערע ליידיקע בריסטן לעכצן און אונזערע קינדער קרעכצן

אָן טרערן.

מיר אַלטע מענער, אונזערע ביינער לאַקערע, ווי אַלטע,

אָפּגעקויפטע קליידער,

די זאַלציגע טרערן פון אונזערע ווייבער רינען דורך אונזערע

דאַרע לייבער,

ווי האַרבסטיקער רעגן דורך האַרבסטיקע צווייגן,

מיר קליינע, אָרעמע קינדער — אויף אונזערע העלזלעך

איז דין און דורכזיכטיק דאָס הייטל,

די שווערע קעפּעלעך שאָקלען זיך הונגעריק-שוואַכע אויף זיי,

עפּעלעך און מילך דאַרפן מיר האָבן, גערטנער — צו שנאַפּן

לופט,



און די מאַמע זאָל נישט שעלטן, ווען מיר בעטן ברויט,

און דער טאַטע זאָל נישט שלאָגן, ווען די מאַמע שעלט.

מיר אָרעמע, גערעכטע גייען דורך טעג פון אונזער לעבן,

ווי קראַנקע הינט דורך גאַסן טומלדיקע,

פון דער מאַמעס בלוט, צו דער מאַמע ערד,

נישט אויסגעוויינט און נישט אויסגעהערט —

(פלוצים קרעשענדאָ)

אָבער איר, בעסטיעס, האַרזשעכטיקע און בייזע,

אייערע קעפּ רייסט עס צו קרוינען, צו סצעפּטערס די הענטן

(עולם זאַמלט זיך אַרום אים)

מאָנאַרכיסטן, דעמאָקראַטן, רעפּובליקאַנער, באָלשעוויקעס,

מיר ווילן נישט אייערע גליקן!

סאָציאַליסטן,

איר ווילט אונז מיט ווערטער פאַרוואָרפן אַלץ, מיט ווערטער

פאַרשיכורן

און שפּעטער, רייטענדיק אויף אונז, דערשטיקן, דערשטיקן!

### ש ט י מ ע ן

אַן אַנאַרכיסטן

אונטער אַ שוואַרצען מאַנטל פון אַ דיכטער זיך אַהער

אַריינגעשלייכטן!

אַ שטשור — פרעסט אונטער די פונדאַמענטן פון דער

געזעלשאַפטן

### פ א ר ז י צ ע ר

צו וואָס די טענות? צו וואָס דאָס געשריי?

חברים! היות —

היות, ווי קיינער האָט נישט מער קיין פרייען פאַרשלאָג,

ווערט די פאַרזאַמלונג געשלאָסן, און —

אַלע, ווי איין מאַן מאַרגן אויף דעם טעאַטער-פּלאַץ פּינקטלעך

זייגער צען!

(אָפּ)

מאַטע שטשערב

(פון דער צווייטער זייט פון זאַל אויף אַן איבערגעדרייטער באַנק)

און איך זע בלוט —
מאָרגן אויף דעם טעאַטער-פּלאַץ!
און איך זע, אַז דער זין איז שוין דאָ
אַז דער געדאַנק האָט אין הערצער געזיגט,
אין דעם גרויסן האַרץ פון דער וועלט.
און איר קענט נישט, און ווילט נישט. און ווייסט נישט ווי —
צו פאַרקינדיקן אייער איינגענעם זין דער וועלטן
דאָס האַרץ איז די מאַמע פון אונזער אידעע.
פון דעם האַרץ איז זי אַרויס אויף דער וועלט און האָט אויף
דער וועלט געזיגט,

אָבער אַלס זינגערין קען זי נישט מער
געפינען דעם וועג צו דעם האַרצן
צו די מאַמעס דאַרפן מיר גיין.
צו די אַלטע און דערפאַרענע מענער,
צו די יונגע קינדער,
און דאָס וואָרט, דאָס וואָרט, וואָס מיר האָבן פאַרגעסן —
צו די מ ע נ ט ש ן דאַרפן מיר גיין!
אַ מענטש וועט אַ מענטש סוף-כל-סוף פאַרשטיין!
דערווייל בין איך איינער, איינער אַליין —
און ווייסט איר, ווו כ'האָב אָט דאָס וואָרט געלערנט,
איר זענט דאָך ברידער, פאַר אייך איז קיין סודות נישטאָ,

(מיט די הענט אויף דעם פּנים)

איך בין אַ סאָלדאַט פון דער רויטער אַרמיי,

(קאָפּ טיפער געבויגן)

געוועזן —
אַ בויך, אַ ווייסער, פון שרעק געשוואָלן,
פון אַ צעריסן העמד אַפּירגעקוואָלן —
האָב איך נישט געשאָסן אויף אים —
דער רויטער קאָמענדאַנט האָט: שיסן — קאָמאַנדירט,
און איך האָב נישט די האַנט גערירט



ווייל —
ווייל ווידער ווערט אין בלוט דערטרונקען
די ליכטיקע געשטאַלט, דער געניוס פון דער פרייהייט,
וואָס גאָט אַליין האָט אים געשאָנקען
צום צווייטן מאָל דער וועלט —
זיין צווייטן זון —
און איך — בין — דער — דריטער — זון —
די פאָן איז מיינע, איר אמתע פאַרב האָב איך דערזען
דאָס ליכט פון איר פאַרב איז מיין זון,
איך בין דער דריטער זון —
חברטע, גיב מיר די פאָן,
אָט מאַך איך היינט דעם ערשטן שריט
צו דער וועלט,
דער לעצטער און דער ערשטער בין איך — דער דריטער —

(פאָרהאַנג פלוצים אינמיטן די רייד)

(הינטערן פאָרהאַנג הויבט זיך אַ מוראדיקער טומל, וואָס טראָגט זיך
אַריבער פארן פאָרהאַנג)

ד ע מ אַ ג אָ ג

איר זענט אַן אַלטער נאַר, עס איז אַ משוגענערן
פ ר אָ ל ע ט אַ ר י ש ע ר וו ע ט ע ר אַ ן
מיר אַלע, די ערשטע, זענען אַמאָל
משוגעים געוועזן —

(ביידע צוריק הינטערן פאָרהאַנג)

### ג י י נ ט ע ר  ע ט א פ

# ט ע אַ ט ע ר - פּ ל אַ ץ

(דער טעאַרטער פּלאַץ אין וואַרשאַ. אין הינטערגרונט די געביידע פון טעאַטער. אַביסל צו לינקס צו אין פאָדערגרונט אַ רעדנער־טריבונע. אַרום איר גרופּירן זיך פּוילישע דעמאָנסטראַנטן. אין דער מיט אַ גרופּע יידישע דעמאָנסטראַנטן. פון רעכטס אַן אומבאַשטימטער עולם—דער עיקר מענער. זוניקער טאָג. דער עולם שטופּט זיך און מישט זיך פון אַלע זייטן.
די הויפּטגרופּירונג ווערט אָבער נישט צעוואָרפן)

**פּוילישער פּאָנטרעגער**

(ברענגט און שטעלט אַוועק די פאָן ביי דער טריבונע. אויף דער פאָן איז אויפגעשריבן אין פּויליש: „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַרייניקט אייך!". ער לאָזט נישט אָפּ זיין האַנט פון דער פאָנענשטאַנג)

רויקער טאָג,
אַ דעמאָנסטראַציע אַ פּראַכט.
קיינמאָל אַזאַ אָרדנונג נישט געווען.
גאַנץ עפּעס אַנדערש — האַר זיין אין לאַנד.
טראָגסט פריי די פאָן און אָן שרעק — ווי אַ קירכנפאָן.

**שטימען**

דער רעדנער. דער חבר רעדנער.
פּלאַץ פאַרן חבר רעדנער
פּלאַץ פּלאַץ חברים



**פאָרשטייער פון פּוילישן צ. ק.**

(שלאָגט זיך דורך צו דער טריבונע. גייט אַרויף און בלייבט שטיין. נעמט פייערלעך אַראָפּ דעם הוט און גרייט זיך צו דער רעדע. בעת ער רעדט, הערט מען אים מיט באַזונדערער געשפּאַנטער אויפמערקזאַמקייט אין דער יידישער גרופּע)

חברים, פּראָלעטאַריער, בירגערן
נישט צום ערשטן מאָל און נישט צום לעצטן מאָל
פייערן מיר דאָ היינט
דעם טאָג פון די טעג,
דעם פייערטאָג פון די פייערטעג.
פרעגט די שטיינער ביי אייך אונטער די פיס,
די שטיינער געדענקען דאָס בלוט,
וואָס אייערע ברידער און
וואָס איר אַליין האָט שוין דאָ פאַרגאָסן.
איר זענט געווען און איר זענט געבליבן
דער אַוואַנגאַרד פון אייער פאָלק.
צו דער פרייהייט האָט איר עס געפירט,
און ווי יעדער אַוואַנגאַרד האָט איר
מיט בלוט געצייכנט דעם וועג פון דער פרייהייטן
ווער האָט אייך געשיקט?
קלאַסן-אינטערעסן? ווער האָט זיי דען פאַרשטאַנען?
געשיקט האָט אייך אייגענער, הייליקער ווילן.
נישט פאַר זיך האָט איר געקעמפט און נישט פאַר אייערע
קינדער —
ווייל דאָס גליק פון דער פרייהייט איז געווען צו ווייט
און צו אומדערגרייכבאַר.
אין דרייפאַכער תפיסה זענט איר געזעסן,
אַלס פאָלק געפייניקט,
אַלס מענטשן געקנעכטיקט,
אַלס אַרבעטער עקספּלואַטירט.
איר האָט ווי קראָטן אונטער דער ערד
קאָנספּיראַטיווע אַרבעט געפירט,

ווייל אויף דער ערד
איז ווי אן אייביקע, בלוטיקע ווינטמיל
געגאנגען די צארישע שווערד.
און קעגן איז געווען אויך
דער שלאכציץ, דער בלוטיקער קנעכט, הכנעהדיק האט
ער צענדמאל אין טאג געקושט דעם בלוטיקן שטיוול
און געלעגן ווי פאר א הייליקן קרייץ פאר דער בלוטיקער
שווערד.

אבער חברים
מען טאר נאך נישט אויפמאכן צוריק
די קאמפפארדריקטע פויסט
נאך נישט ארויסלאזן זי —
די קאמפגעפרוווטע שווערדן
איר זענט פאליאקן — דאס ערשטע איז די נאציאן,
אבער מענטשן זענט איר דאך אויך,
און פראלעטאריער — נישט אמת?
און דעם היינטיקן טאג, דעם ערשטן מאי, —

שטימען
זאל לעבן דער ערשטער מאין

פארשטייער פון פוילישן צ. ק.
פייערן ווייט און ברייט אויף דער וועלט צוזאמען מיט אייך
פראלעטאריער פון אלע לענדער — —

(ער רעדט ווייטער אין אן אנדערער ריכטונג פון דער פוילישער מאסן,
בשעת אין דער גרופע פון די יידישע דעמאנסטראנטן —)

יידישע פאנטרעגערין
חברים, איצט איז די צייט,
די פאן איז גרייט — אט איז זי.
העלפט זי ארויפציען איצט.

(מען ציט ארויף די פאן אויף דער גיך. די שטאנג ווערט צוזאמענגע־
שטוקעוועט פון עטלעכע שטעקנס. אויף דער פאן אן אויפשריפט אין
יידיש: „פראלעטאריער פון אלע לענדער פאראייניקט אייך!")



שטימען
זאל די חברטע בלייבן ביי דער פאן!
זי וועט מען נישט שלאגן!
ביי איר איז זי זיכערער.

מאטע שטשערב
(פלוצים אין פאדערגרונט)
חברים, מיר גיט זי, מירן
איך בין דא איינער צווישן אייך, וואס פארשטיי די שפראך
פון די שפראכן,
מיט א ווארט וועל איך זיי איבעררעדן —
מיט איין ווארט (אין פארציקונג און פארגעסנקייט, וואס ארום
קומט פאר) מיט איין ווארט.

שטימען
יעדע רגע דעצידירטן
פארשטאפט אים סימוילן
הערט אים גלאט נישטן
טוטן

יידישע פאנטרעגעריז
זי איז דאך מיין!
נאס פון דעם שוויים פון מיינע מידע הענט!
געזאלצן פון טרערן פון מיין בענקשאפט.
און אויב זי דארף נאך רויטער ווערן
פון מיין בלוט — זאל זי מיין רויטע פאן.
זאל זי בלייבן ביי מיר.

מאטע שטשערב
אבער קענסטו דאס ווארט, זיי צו פארטרייבן,
וואס וועלן דא קומען באלד
ארויסרייסן זי פון דיין האנט — די פאן?

באלד וועסטו בלייבן איינע אליין —
איך אָבער קען דאָס וואָרט —
איך קען דאָס וואָרט און מיין צייט איז געקומען —
צו טראָגן די פאָן

יידישע פאנטרענערין
וואָס וויל ער פון מיר, וואָס רייסט ער די פאָן פון מיינע הענט?
(זי שטרעקט העכער די הענט ארום דער פאָנענשטאנג)

שטימען
חבר רעדנערן
ווו זענט איר?!
איצט איז די בעסטע רגען
איצט האָט ער וועגן פעלקער-איינהייט גערעדטן
(חברים הויבן דעם פאַרשטייער פון יידישן צ. ק. אין דער הויך און בלייבן אין דער פאָזיציע די גאנצע צייט, וואָס ער רעדט)

פאָרשטייער פון יידישן צ. ק.
(ביידע רעדנער רעדן איצט אייַנצייַטיק, די פראזן מישן זיך)
חברים
פון דער גאנצער וועלט,
פון אלע עקן אירע קומען גריסן אָן,
ענדלעך הויבט
דער פראָלעטאריאט אויף זיין קאָפּ.
ווי פליגן זענען מלכים געפאלן —
און שוין האָט זיך דער קאפיטאל
אונטער די נייע פאָנען פון די רעפובליקן
ווידער צוזאמענגענומען.
חברים,
נישטאָ קיין לענדער, נישטאָ קיין פעלקער,
ס'איז דאָ נאָר איינאיינציקע ברידערגעמיינשאפט פון ארבעטן



שטימען
זאָל לעבן די ארבעטגעמיינשאפטן

פאָרשטייער פון יידישן צ. ק.
היינט, גלייך ווי שטענדיק, דריקן
די פאריייניקטע קאפיטאליסטן פון אלע לענדער
דאָס נישט פאריייניקטע פראָלעטאריאַט
חברים, עס איז אמת, עס האָט זיך א קער געטון איין
גרויס בלאט
פון דער סאָציאַלער געשיכטע,
דאָך האלט זי ערשט ביים אָנהויב,
דער קאמף הויבט זיך איצט ערשט אָן,
איצט אז פיל פארקנעכטיקטע פעלקער זענען פריי
דארף מען צוזאמענשליסן ענגער די רייען
פעלקער באפרייען איז איינס פון אונזערע צילן,
נאָר דאָס לעצטע ציל און דער לעצטער ווילן
איז — צו באפרייען דעם מענטשן
די גרעסטע מאַכט איז די איינקייט,
דער אני יהוה פון אונזערע געבאָטן,
אויף אלע פאָנען שטייט ער געשריבן,
בליט רויט אויף אלע מידע ארבעטער-ליבן,
אָט שטרעקן מיר אונזערע ארימס אויס —
ברייט —
אויפנעמען ווילן מיר אלע,
און פון אלע ווערן אויפגענומען —
(זיינע, פריער אויסגעשפרייטע, ארימס ציען זיך צוזאמען און זיינע הענט בלייבן אויסגעשטרעקט, ווי צו אַ גרוס, אין דער ריכטונג פון די פוילישע ארבעטער)

פאָרשטייער פון פוילישן צ. ק.
דאָס האָט שוין געזאָגט אונזער גרעסטער לערער:
אין דער איינקייט איז די מאַכטן

אַט דאָס איז דער לאָזונג, איר זעט איפ אַלע
לייכטן פון אַט דער פאָן אראָפ:
פראָלעטאריער פון אַלע לענדער
פארייניקט אייך!
צו פארלירן האָט איר די קייטן נאָר,
די קייטן פון שקלאַפן-ארבעט,
און צו געווינען האָט איר די וועלטן
נישט נאָר פאר אייגענע אינטערעסן.
זענט איר אין די תּפיסות געזעסן,
די גאנצע וועלט איז אן איינציק פעלד,
איין גרויס און פרוכפּערדיק פעלד.
אייערע אינטערעסן זענען
אינטערעסן פון דער וועלט.
שטאָלץ זיין דארפט איר דערויף!
און וואָס אייניקער איר וועט זיין,
אַלץ גיכער וועט קומען דער טאָג,
דער גרויסער טאָג פון דער ארבעטבאפרייאונג.
איר וועט ארבעטן שווער, אָבער מיט פרייד,
און די פרוכט פון דער ארבעט וועט גיין פאר אייך,
פאר אייך און פאר אייערע קינדער.
די אייניקייט וועט באווייזן וואונדער,
די איינינקייט פון דעם וועלט-פראָלעטאריאַט — —

(פארענדיקט ער צופרידן, ווארט אויף אַפּלאָדיסמענטן, באקומט זיי און רעדט לאנגזאם ווייטער —)

### פאָרשטייער פון יידישן צ. ק.

באפליגלט מיט מוט,
דורכגעלויכטן פון גלויבן
אין דאָזיקן אינטערנאציאָנאַלן ארבעטער-טאָג
גייען יומטובדיקע פריש און דערהויבן
די כוואליעס פון אונזער בלוט —



### די גרופּע פון רעכטס

(פאלן אריין אין די לעצטע ווערטער פון יידישן רעדנער)

שלאָגן
שלאָגן
שלאָג די יידן
פּוילנס פארעטערן
פּוילנס בלוטזויגערן
פארקויפן דאָס לאנדן
די פארעטערן
שלאָגן
שלאָגן

(פאלקעס הויבן זיך אין דער הויך. פאלן סאלוונווייז אויף דער יידישער מאסע. די מאסע בויגט זיך איין. ווערט זיך נישט. איינצלנע הענט הויבן זיך און פאלן ווידער צוריק. דער רעדנער פרוווט נאָך צו רעדן, ער פאלט אראָפּ פון די הענט פון די חברים, וואָס האָבן אים געהאַלטן און האָבן זיך איצט צוריסן און ער מישט זיך אוים מיט דער מאסע. אַלץ אנטלויפט. די שלעגערס נאָך. אויפן פּלאַץ בלייבן עטלעכע צעשלאָגענע און אומגעפאלענע. די פּוילישע גרופּע שליסט זיך ענגער צוזאמען. דער פּוילישער רעדנער רעדט פאטעטיש ווייטער.)

### די יידישע פאָנטרעגערין

(פאַרעט זיך מיט א פּאָר איבערגעבליבענע שלעגערס. באלד הענגט די ווייסע בלוזע פון אירע הענט אין שמאַטעס אראָפּ און אירע דארע הענט באווייזען זיך. האלטן העכער, העכער די פאָן. אין אַלע זייטן שרייט זי:)

טאָוואַזשישע,
גענאָסן,
קאמעראדעס,
טאָווארישטשי,
חברים, טאָוואַזשישען

(די פאַנענשטאנג ווערט פון אונטן אָפּגעבראָכן. זי קריגט אַ טעמפּן זעץ אין קאָפּ. פאלט אויף דער פאָן. דער שלעגער רייסט זי פון אירע פארקראמפטע הענט ארויס און אנטלויפט מיט דער טוך).

דער פאָרשטייער פון פוילישן צ. ק.

וואָס איז דען פאר א אונטערשייד
ווער צו וועלכן פאָלק עס קערט,
די הויפּט זאך איז, ווען ער איז א מענטש פון ארבעט,
אזוי האָבן געלערנט
און גרינדלעך וויסנשאַפטלעך עס באַוויזן
די גרויסע ריזן
פון דעם סאָציאַליסטישן וויסן:
פון דער אייניקייט פון די ארבעטער,
איז אָפּהענגיק דאָס גליק פון די ארבעטער,
פון די ארבעטער פון דער גאנצער וועלט.

מאָטע שטשערב

(פארשווינט פון צו שטארקע קלעפּ, הויבט זיך אויף פון דער ערד, גיים צו צו דער פאָנענטרעגערין, בויגט זיך איבער איר, העלפט איר, זי נעמט זיך לאנגזאם צוזאמען, בלייבט אָבער שטום די גאנצע צייט)

חברים,
דאָ איז א חברטע געפאלן,
געפאלן ביי דער רויטער פאָן,
הערט איר נישט?
בלוט רעדט צו אייך!
קענט איר דען נישט די שפּראך פון מענטשלעך בלוט?
האָט מען עס אייך נישט געלערנט?
דאָ האָט זיך דאָך בלוט געגאָסן, חבריש בלוטן

(ער צופט די ביי דער זייט שטייענדיקע ביי די ארבעל. זיי טרייסלען זיך אלעמאָל אָפּ פון אים. מאכן סמנים ער זאָל זיי נישט שטערן דאָס האָרכן. ער בויגט זיך ווידער צו דער פאָנענטרעגערין, זעט אז זי קומט צו זיך, קניט ער זיך נעבן איר אנידער און רעדט ווי צו זיך, אָבער הויך. דער פוילישער רעדנער רעדט אין אן אנדער ריכטונג. עטלעכע פוילישע ארבעטער הערן זיך איין אויסדרייענדיק די קעפּ צו אים)

ווי א ברונעם אין מיטן גאס
איז אונזער לייב, איז אונזער לייב,



ווער ס׳איז דורשטיק נאָך בלוט,
דער קומט און שעפּט און זשלאָקעט
און אומגעשטערט גייט ער זיך ווייטער.
נישט די טייטש פון בלוט פארשטייען זיי
און שאצן נישט אָפּ זיין ווערט —
איין טראָפּן פון איר האָט דאָך שוין אמאָל
שיער נישט געאנדערשט די גאנצע ערד, שיער זי נישט
בעסער געמאכט,
און שפּעטער שיער זי נישט חרוב געמאכט.
אזוי ווי א ברונעם אין מיטן גאס
בלוטברונעם אינמיטן גאס. —
(א רגע פויזע און ווידער שטארקער)
חברים, מיר האָבן געזינגטן
זעט ווי דער זינג גייט ארום צווישן אונז,
לערנט אייך אים זען, וועט איר לערנען אים האָבן,
רייסט אויף די אויגן, דערזעטן
איינער דעם צווייטן דערזעטן
פאר בלוט האָבן מיר דעם זינג געקויפט,
מיט בלוטיקע זיגלען אין די פארטאָגן
געחתמעט דאָס לעצטע בלאט פון דער קנעכטישער
וועלט-געשיכטע.
ווען אונזערע בעסטע האָט מען
געשאָסן, געהאָנגען, געשאָכטן אין תפיסות,
אויף בלויעם פאנאנדערגעשפּרייטן פארמעט פון הימל
מיט רויטע זיגלען פון בלוטיקע זונען —
האָבן דעם זינג מיר געוווּנען.
מיר האָבן ערלעך באצאָלט פאר דעם זינג,
און איצט אנטלויפט ער ווידער פון אונז —
און דאָס זעלבע בלוט צייכנט ווידער דעם וועג.
זעט זי וואָרנט אייך,
די פאלקע אויף מענטשלעכע קעפּ,
אין איר טעמפּן קלאנג פארקלינגט דאָס געזאנג

פון דער הייליקער שעה פון זיג —
הערט, עס איז מיטן טאָג,
די שעה וועט נישט קיינמאָל קומען מער צוריק,
ווען איר וועט זי איצט נישט דערהערן;
(מיטאָג־גלאָקנקלאַנג קלינגט פון טורעם אַראָפּ)

פוילישער פּאַנטרענער
איין זייט פון אַ פּאַלקע
און אין קאָפּ האָט זיך איבערגעדרייט.

איינצלנע שטימען
שוואַכע שאַרבנס.
יידישע קעפּ.
צום האַנדל טויג עס, ווייך און בויגעוודיק.
ווייך און גליטשיק, שלייכט זיך אומעטום אַריין.
נאָר פון ערשטן גלעט ווערט עס דול.
מאָטע שטשערב
(שטייט אויף און מיט אויפגעהויבענע הענט רעדט ער איבער אַלעמען)
זעט ווי דער זיג גייט אום צווישן אונזן
זעט, עס איז מיטן טאָגן זעט, עס איז מיטן זיגן
זעט ווי ער וואַלגערט זיך ווידער אין בלוט,
אין אונזער אייגן בלוט וועט ער ווידער
באַלד דערטרונקען ווערן
(זיינע ווערטער ווערן פּלוצים פאַרטויבט אין געזאַנג פון אינטער־נאַציאָנאַל).

צענטער עטאַפּ

# אויף דער בריק

(באַן־בריק איבער דער ווייסל. אין הינטערגרונט הויך געלענדער, ווייטער שוואַרצע פאַרכמאַרעטע נאַכט. אויבן טופּיט, אויף אים דער באַן־טראַקט)

די פּאַנטרענערין
מאָטע שטשערב
ציווילער
מונדירטער

פּאַנטרעגערין
(שטייט איבער דעם געלענדער אָנגעשפּאַרט)
מאַמע, מאַמע,
מאַמע אין דער ערד
זע דאָס קינד דיינס —
דו אָבער האָסט געוואָרנט מאַמע
די לעצטע ווערטער דיינע:
אַרבעט, קינד מיינס, אַרבעט,
דאָרטן, אין דער גרויסער שטאָט —
אַ פּאָר גראָשן שיק אַהיים —
און די מאַמען נעם צו זיך. —
דיך וועל איך — מאַמע — נישט מער נעמען צו מיר,
פאַרשוווּנדן וועט ווערן דיין טרייסט
אין טיפן טייך.

דאָס רויטע בלוט דאָ אויף דער ערד
וויל אונזער בלוט נישט פארשטיין.
אָבער דאָס וואסער דאָ,
דאָס שווארצע וואסער
וועט דיין טאָכטערס בלוט פארשטיין.
א פאלקע אין קאָפ,
און א שפיי אין פנים,
און די פאָן — ארויסגעריסן!
אויף אייביק שוין פון די הענט —
מאמע, מאמע, דיין בלוט קען נישט לעבן מער —
(וואַרפט דאָס זשאַקעטל פון זיך, ציטערט, שטעלט זיך העכער אויף דעם געלענדער אַרויף)

מאָטע שטשערב
(קומט פון לינקס. קאָפּ אָן היטל. צעשויבערט. ווידער מער שטאַטע, ווי מענטש)
ווארט, ווארטן
ווארט, ווארט, ווער דו זאָלסט נישט זיין,
רעד נאָך פריִער מיט מיר א ווארטן
(כאַפּט זי אָן ביי די אַקסלען. זיי ראַנגלען זיך א רגע. זי בלייבט פעסט אין זיינע הענט)
דו נאַר,
דו ביזט עס?
וואס ווילסטו דאָ, חברטע?
פאַנטרעגערין
לאָז מיך, האַלט נישט צוריק,
איך קער נישט מער צו דער וועלט,
צו וואסער אונטן קער איך!
שווארץ ווי דאָס הארץ מיינס —
זינט דעם זעץ מיט דער פאלקע טרויערט מיין בלוט,
איז שווארץ געוואָרן,
דאָס הארץ גלויבט נישט מער,



לאָז מיך אין וואסער אריין,
לאָז מיך אין טויט אריין!

מאָטע שטשערב
אָבער א ווארט נאָך,
רעד מיט מיר א ווארט
א ווארט וועט ליכטיק מאכן.

פאַנטרעגערין
(דערקענט אים)
דו ביזט עס, דו?
דו קערסט אויף אהין,
אין וואסער אריין —
דו האסט קיין הארץ נישט
ווען עס פילט נישט די שאנד,
לאָז אָפּ די האנט,
לאָז אָפּ.

מאָטע שטשערב
איך וועל גיין מיט דיר אין וואסער אריין,
ווען דו ווילסט,
איך וועל דיך ארומנעמען,
דו וועסט נישט איינזאם זיין
אין דער רגע פון טויט.
ווארט, ווארט, רעד נאָך מיט מיר,
רעד נאָך מיט מיר,
הער מיך אויס א רגע פאר אונזער ביידנס טויט,
איך האָב נאָך קיינמאָל צו קיינעם נישט גערעדט.
מיך האָבן אלע געהארכט,
און קיינער האָט נאָך ביז איצט נישט פארשטאנען,
כאָטש א רגע פאר דעם טויט,
פאר מיין טויט און דיין טויט,

הער מיך אויס,
איצט אָדער קיינמאָל נישט —
לאָז מיך נישט שטאַרבן אַזוי
דו, דו װעסט פאַרשטיין.

פאַנטרענערין
װו איז דאָ אַ װאָרט,
װאָס זאָל װי דאָס װאַסער זיין?
װו איז דאָ אַ װאָרט,
װאָס זאָל קענען אָפּװאַשן די שאַנד?

מאַטע שטשערב
רעד, רעד צו מיר, זאָג מיר װער דו ביזט?

פאַנטרענערין
איך בין אַ קינד פון הונגער,
איך בין אַ קינד פון אַ טאַטן,
װאָס איז געשטאָרבן
איידער איך בין אויף דער װעלט געקומען.
יעדער טראָפּן בלוט אין מיר
איז אַ נאַכט אָן שלאָף — מיין מאַמעס,
יעדער ברעקל פלייש אויף מיר
איז אַ טאָג אָן ברויט — מיין מאַמעס,
און מיין האַרץ אין מיר איז פול
מיט דער בענקשאַפט — מיט מיין מאַמעס,
און מיין לעבן, מיין גאַנץ לעבן איז
מיין מאַמעס נישט דערלעבטער חלום,
מיין מאַמעס לעבן נישט דערלעבטע,
און מיין מאַמעס איינציקע טרייסט,
װאָס זי האָט מיר געגעבן
איז געװעזן —
אַז מענטשן זענען גוטע,



גלויב אין מענטשן, קינד,
און דו װעסט נישט פאַרלוירן װערן
אין דער ברייטער װעלט.

מאַטע שטשערב
רעד, רעד נאָך, דאָס גאַנצע האַרץ,
דאָס גאַנצע האַרץ.

פאַנטרענערין
און די מאַמע האָט געגלויבט אין מענטשן
און אין גאָט,
און איך האָב געגלויבט אין דער רויטער פאָן
און אין מענטשן,
געהאָפטן דורך נעכט
האָב איך זי,
געגלויבט, אַז זי װעט אַ פלאַטער טון,
און פון איר אַראָפּ װעט דאָס האַרץ מיינס פלאַטערן,
זי איז מיין האַרץ,
זי איז מיין האַרץ,
מיין גאַנץ יונג מיידל-האַרץ געװעזן.
קיין אַנדערע ליבע האָב איך נישט געקענט.
אַז זי װעט אַ פלאַטער טון — האָב איך געגלויבט —
װעלן זי אַלע, אַלע דערזען.
מיין האַרץ, װאָס איז גוט װי מיין מאַמעס האַרץ —
מען האָט מיר צעריסן דאָס האַרץ,
איך קען שוין נישט לעבן מער.
גוט װאָס אויך דו ביזט דאָ,
איך האָב דיך שוין נישט איינמאָל געזען —

מאַטע שטשערב
דו האָסט מיך געזען?

פאנטרענערין
איך האב דיך געזען —
מען האט שטענדיק געזאגט
צווישן מיידלעך, אז דו ביזט א מאדנער מענטש.
איין טייל זאגט — א משוגענער,
די אנדערע — א נאר.
און חברטעם האבן געלאכט פון דיר,
נאר איך האב נישט געלאכט,
איך קען נישט לאכן פון א מענטש.
און א נאר? א נאר האט דאך אויך א מענטשלעך הארץ.

מאטע שטשערב
ס'איז אמת,
איך בין, ווי מען האט דיר געזאגט —
איך בין איינער פון טויזנט מיליאן,
און טויזנט מיליאן איז א נארן

פאנטרעגערין
פון וואנעט קומסטו?
ווי איז דיין נאמען?

מאטע שטשערב
וואס איז א חילוק ווי איך הייס,
מיין נאמען — א קריץ — וואס פארגייט דיר באלד
איך בין אן א נאמען,
איך בין פון דארט, פון וואנעט אלע קומען,
פון א מאמעס לייב, וואס איז לאנג אין ערד
ווידער פארוואנדלט געווארן
און זיך פאריייניקט מיט טאטעס געביין —
פון דאנעט איז מיין לייב.
נאר מיין הארץ שטאמט פון ערגעץ אנדערשוווּ,
פון דעם גרויסן ים פון מענטשלעך בלוט —



מיין הארץ איז א טראפן פון ים,
און דעם געהיימען, טיפן געברויז
פון דעם מענטשלעכן ים פון בלוט
האט מיין הארץ פארשטאנען און באנומען.
דאס בין איך, איינער פון טויזנט מיליאנען,
געקומען אהער אין דער גרויסער שטאט
אינמיטן פרילינג צו גיין,
צו פרעדיקן דאס, וואס מיין טראפן בלוט,
מיין הארץ פון הערצער-ים האט דערהערט.
אזוי ווי דער שיפער דערהערט דעם געוויטער
פון טויזנט מייל פון דער ווייט
אויף דעם בלויען וואסער-ים,
אזוי האב איך דערפילט די רו
פון טויזנט מייל קומען פון ווייט
אויף דעם צעשטורעמטן ים פון בלוט. —
און געקומען בין איך מיט דעם צו גיין,
נאר אלע לאכן, לאכן נאך היינט,
זאלן זיי לאכן, לאכן. און לאכנדיק שפאלטן קעפ.
אויף מיין זייט איז אבער דאס רעכט,
כאטש אומזיכטבאר איז נאך מיין מאכט.
אויף מיין זייט די שטימען,
די שטימען פון טויזנט מיליאנען —
מיט שטילן הארץ-קלאפ קלאפן זיי אויס
זייערע שטימען פאר מיר —
נאר מען הערט עס נישט,
נאך נישט,
ווי ווייי, ווי וויי איז מיר.

פאנטרעגערין
רעד נאך,
רעד נאך,
ווען דו רעדסט דאכט זיך מיר,

אַז מיין האַרץ בּרייטערט זיך אויס —
ווי אַ שוועלבּעלע לייכט צום פליען.
איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געהערט
אַט אַזעלכע ווערטער.

מ אַ ט ע ש ט ש ע ר בּ
און מיין מוח האָט ווי אַ קינד געזווינגן
אין שוואַרצע קליינשטעטלדיקע נעכט,
דורך רויטצעגליטע מידע אויגן,
דאָס גרויסע וויסן פון גרויסע מענטשן.
נאָר דאָס וויסן מאַכט צום נאַר,
נאָר דאָס וויסן מאַכט אונז שלעכט.
און מיינע גלידער האָבּן געדינט,
געווען אַלע איינגעשפּאַנט
אין זיבּן יאָכן
פון זיבּן וואָגנס.
דין!
האָט הכנעהדיק שטיל געטראַכט
דאָס בּלוט פון איינעם פון טויזנט מיליאָנען:
צוערשט דער רירעוודיקער ניימאַשין,
שפּעטער דעם קייזער אין דער מלחמה,
נאָר געשאָסן האָב איך אין הימל אַריין.
צו גאָט — צו ערד —
און שפּעטער צוויי שווערע וואַסערקאַנען,
צוויי וואַסערקוואַלן פאַר טויזנט מענער,
געפאַנגענע פון דער מלחמה.
און שפּעטער האָט דאָס רויטע ליד
פון דער אַרמיי פון אַרמייען
גענומען מיין נשמה
אין דינסט,
און שפּעטער האָט דער קאָמאַנדיר
געזאָגט צו מיר:



וועסט אַרויסגיין מאָרגן פרי,
דאָס רויטע געווער אין האַנט,
און וועסט דיך שטעלן אַקעגן אַ וואַנט,
און אונטער וואַנט אַ מענטש,
און וועסט הייליקן דין, דאָס ערשטע מאָל
דיין רויט געווערן
און אַ מענטש האָט ער מיר אַקעגנגעשטעלט,
אַ טראָפּן פון בּלוט איז זיין האַרץ,
פון דעם הערצער-ים,
און איין וואָרט האָט ער מיר געזאָגט:
שיסן
האָט דער מענטש זיין העמד אויף זיין נאַקעט לייבּ
אין שטיקער געריסן,
און זיין נאַקעטער בּויך איז געווען בּלאַס
פון טויט-שרעק,
און אַזוי ווי געשוואָלן
פון לעצטן צער,
און אָפּירגעקוואָלן
איז ער פון צעריסענעם העמד,
אַזוי ווי צעיוירן טייג.
און פון דעמאָלט אָן דין איך נישט מער,
און פון דעמאָלט אָן רופט מען מיך — נאַר.
און ווי אַ נאַר פון דעמאָלט אָן
גיי איך דורך פעלדער, גיי איך דורך שטעט,
ווו איך נעכטיק, דאָרטן טאָג איך נישט,
און ווו איך טאָג, דאָרט בּלייבּ איך נישט בּיינאַכט,
און אומעטום שריי איך אין איין קול:
חברים,
חברים!
חברים פון דער רויטער פאָן.
דאָס בּלוט דערזעט, דאָס מענטשלעכע בּלוט דערזעט.
נאָר עס האָט מיך נאָך נישט דערהערט,

נאָך קיינער נישט דערהערט —
אפשר וועסטו פאַרשטיין,
אפשר וועסטו פאַרשטיין,
אַ רגע פאַר דעם טויט
קען מען מיין וואָרט פאַרשטיין.
און ווער, ווער עס האָט אַן אָפן אויג,
און ווער, ווער עס האָט אַן אָפענעם מוח,
און ווער, ווער עס האָט אַן אָפן האַרץ,
וועט נישט קענען דאָס פּראָסטע פאַרשטיין,
אַז מיר אַלע זענען צוזאַמען
אַלע אַ רגע פאַרן טויט?
נאָר ביז איצט האָט נאָך קיינער נישט פאַרשטאַנען.
אפשר וועסטו די ערשטע זיין.

פּ אָ נ ט ר ע ג ע ר י ן

מיין האַרץ, מיין טייער האַרץ,
מיין פריינט, מיין ערשטער פריינט
(נעמט אים אַרום)

מ אָ ט ע ש ט ש ע ר ב

דו דו האָסט פאַרשטאַנען?
(זיי בלייבן לאַנג אַרומגענומען. פון דער ווייטן הערט מען הודיען די גרויסע שטאָט)

צ י ו ו י ל ע ר
מ ו נ ד י ר ט ע ר
(קומען פון רעכטס)

צ י ו ו י ל ע ר

אויף שריט און טריט פאַרברעכער.

מ ו נ ד י ר ט ע ר

יעדע נאַכט צענמאָל דעם שפּייער ציען.



צ י ו ו י ל ע ר

יעדע נאַכט דאָס לעבן איינגעשטעלט.

מ ו נ ד י ר ט ע ר

אין שטאָט איז דער דינסט נישט אַזוי געפערלעך,
ווי דאָ.

צ י ו ו י ל ע ר

און היינט אויף דעם טעאַטערפּלאַץ ביזטו אויך געווען?
אָט האָסטו דיר — אין שטאָט.

מ ו נ ד י ר ט ע ר

געוועזן. פיר און צוואַנציק שעה
היינט דינסט.

צ י ו ו י ל ע ר

איך וואָלט זיי אַלע געלאָזט
מיט אַ מאַשינען-געווער
צערייבן אויף געמאָלן פלייש,
און שפּעטער אַריינוואַרפן אַהער
אין וואַסער אַריין —
זאָל עס זיי טראָגן אין ים אַריין,
אַ שאָד די ערד פאַר זיי,
זיי וועלן די ערד פאַרפּעסטן.

מ ו נ ד י ר ט ע ר

ברויט וואָס געוואַקסן אויף אַזאַ מיסט
קען מען דאָך אונזערע קינדער נישט געבן.

צ י ו ו י ל ע ר

אָט האָסטו, שוין ווידער ווער דאָרטן.

מ ו נ ד י ר ט ע ר

אזוי ווי די הינט אין מיטן גאַס
רייבן זיי זיך אָן בושה.

צ י ו ו י ל ע ר

העי דאָרטן העין נענוג אויף אַ רגען

מ ו נ ד י ר ט ע ר

(רייסט די אַרומגענומענע און וועלטפאַרגעסענע מאַטע שטשערב און די פאַנטרעגערין פאַנאַנדער)

צ י ו ו י ל ע ר

העי, אַ ביכל איז דאָ?

מ ו נ ד י ר ט ע ר

און מיט אַ ביכל, מעג מען דען אין גאַס?!

צ י ו ו י ל ע ר

אָבער אז אַ ביכל איז דאָ,
ווייסטו כאָטש מיט וועמען דו האָסט צו טון!
אַ ביכל איז דאָ?
רעד, זונה פארדריפעטען

מ ו נ ד י ר ט ע ר

און דו, בירגער פון אונטער דער בריק,
פאַפירן האָסטו?
(ביידע ענטפערן קיין וואָרט נישט)

צ י ו ו י ל ע ר

טאַפ ברודער די קעשענעס ארום,
האָט אפשר אַ מעסער ערגעצווו,
פארגעס נישט אין די כאָלעוועס אַ זוך צו טון.



מ ו נ ד י ר ט ע ר

(שטויסט ביידע פאַר זיך)
קומט אין דער ליכטיקייט אריין,
צום לאַמטערן צו.

צ י ו ו י ל ע ר

די נאַכט וועט איר שוין שלאָפן אין שלאָפצימער באַקוועמע.

מ ו נ ד י ר ט ע ר

דערפאר אָבער באַזונדער —
(לאַכן ביידע. שטויסן מאַטע שטשערבן און די פאַנטרעגערין פאר זיך)
(פאָרהאַנג)

עלפטער עטאפ

# פאַרטאָג אין תפיסה

(זאַמל־צעלע אין אַ וואַרשעווער תפיסה. אין הינטערגרונט אין דער מיט אַ פענסטער מיט קראַטעס. אַן עלעקטריש לעמפּל, איינגעהילט אין שפּינוועבס, לייכט שוואַך פון דער סטעליע אַראָפּ. שווערע איינגאַנגסטיר לינקס. נאַרעס)

ערשטער פּאָליטישער
צווייטער פּאָליטישער
דריטער פּאָליטישער
פערטער פּאָליטישער
ערשטער קרימינעלער
צווייטער קרימינעלער
דריטער קרימינעלער
וועכטער
מאַטע שטשערב

(דריי פּאָליטישע ליגן געלאַנגווײַלט אויף די נאַרעס)

פערטער פּאָליטישער
(די טיר עפנט זיך שווער, ער קומט אַריין, קוקט זיך אַרום)
גוטן אָוונט, חברים —
אָדער נישט?
פינסטער אַזוי —



ערשטער פּאָליטישער
דערווייל חברים,
וואָס באַלד וועט זיין ווייסט דער טייוול.

צווייטער פּאָליטישער
און אייך ווו האָט מען געפּאַקט?

פערטער פּאָליטישער
אין בעט.

דריטער פּאָליטישער
און אַ רעוויזיע?

פערטער פּאָליטישער
געמאַכט. ווי דען אַנדערש?

ערשטער פּאָליטישער
און?
פערטער פּאָליטישער
יאָרן-לאַנג שימלען אַלטע דייטשע ברויטקאַרטן
אין מיינע קעשענעס,
פאַרשימלטער צאָרן פון דריי אומזיסטע נעכט אויף דער גאַס—
האָט מען זיי ענדלעך אויסגעראַמט,
און דערצו עטלעכע וויכטיקע דאָקומענטן,
אָבער אויך שוין פאַרעלטערט —
אויסגעפּאָרענע טראַמווייבילעטן —
(אַלע לאַכן)

ערשטער פּאָליטישער
איר זענט פון וואָס, חבר?
פערטער פּאָליטישער
פון שלאָסער-פאַך.

ערשטער פּאָליטישער
נישט דאָס פרעג איך.

פערטער פּאָליטישער
אַ מאַן פון אַ שלעכט ווייב.
איצט זענט איר שוין צופרידן.

ערשטער פּאָליטשער
איר זענט אַביסל אַ מאָדנער חבר.

פערטער פּאָליטישער
נאָך מער אָבער מאָדנע זענט איר.

ערשטער פּאָליטישער
צווישן חברים געפינט איר זיך דאָ,
באַנעמט אייך חבריש

פערטער פּאָליטישער
איר אָבער זענט קינדער,
מיט קינדער איז לייכטער צו שטיפן,
איידער חבריש צו זיין.

ערשטער פּאָליטישער
איר קערט מיר זיין פון דער סמאָטשע,
די יידישע חוצפה שיינט אייך פון דער נאָז
אפילו אין דער פינסטער דאָ.

דריטער פּאָליטישער
זי איז אַביסל צו־לאַנג,
פאַלט מער ליכט אויף איר,
זעט מען. נעמט נישט פאַר אומגוט, חבר.



צווייטער פּאָליטישער
שווער זיך צו דערערדן אפילו דאָ,
כאָטש דאָ וואָלט זיין געדאַרפט
די פאַרווירקלעכונג פון אינטערנאַציאָנאַל.
איינע פיר ווענט פאַר אַלעמען,
איין קראַטע אין פענסטערלאָך,
איין שווערע טיר,
איין דרעק־עמער אין ווינקל.

פערטער פּאָליטישער
כ'האָב פיינט צו ענטפערן,
ווען עס פרעגן מענטשן, וואָס איך קען נישט.
דער מוח איז אַ גוטער פריינט,
אָבער שוין די אייגענע צונג איז אַ שונא,
אַ שפּיאָן,
פרעסט, ווי אַ גראָבער רויטער וואָרעם, דיין ברויט
און דינט דער פּאָליציי,
ווען נישט די צונג וואָלט שוין לאַנג
די סאָציאַלע רעוואָלוציע
געוועזן אומעטום.
און די תליות — האָלץ אין אָרעמע שטיבער,
און די ביקסן — פאַרזשאַווערט.

ערשטער פּאָליטישער
נו, גענוג שוין אָן אימה אָנגעוואָרפן,
זעצט אייך נענטער, ווייזט אייער פנים.
מען וועט אויף גאָרנישט פרעגן מער,
מען איז גאָרנישט ניי־געריק,
אָבער פּלאַפּלען מעג מען דאָך.

פערטער פּאָליטישער
(זעצט זיך צו)
צום פאַררייכערן איז דאָ?

ערשטער פּאַליטישער
נעמט בײַ מיר און זאָל זײַן שלום,
גלויבט מיר, אַז איך בין אויך נישט אַ הײַנטיקער.

פערטער פּאַליטישער
און איר, חברים, ווו האָט מען אײַך געפּאַקט?

ערשטער פּאַליטישער
בײַם מיטאָג, אַהיימגעקומען פון דער דעמאָנסטראַציע,
אפשר דאָס ערשטע מאָל אָן אַ לאָך אין לײַב,
געמיינט דאָס ערשטע מאָל אין ערשטן מאַי.
אין בעט אין אײַגענעם צו נעכטיקן
נישט באַשערט געווען,
עס בײַט זיך נישט די וועלט — ווײַזט אויס.
אַבער מאָרגן וועל איך זיי די טיר צעשפּאַרן,
נישט דערפאַר האָב איך זיבן וואונדן אין לײַב
כדי דאָ צו זיצן.

צווייטער פּאַליטישער
מיט מיר איז שווערער — אַ דײַטש,
האָבן בריוו פאַרנומען, אַ גאַנצן פּאַק,
ווײַבערישע, פּלאַפּלדיקע, פאַרליבטע — מײַן ווײַבס,
וועלן ברעכן זיך די ציין אויף די דײַטשע בריוו
און איך וועל זיצן דערווײַל.
און גלאַט, דער טײַוול ווייסט, וואָס אַ ווײַב פאַרגלוסט זיך
צו שרײַבן.

דריטער פּאַליטישער
גליקלעכע חברים,
קינדער־מעשיות און אַ טומל מאַכן זיי,
פון מזרח בין איך, איינער, וואָס נעמט עס ערנסט,
געפינען האָט מען אַ גאַנצן פּאַק.



און קיין איין אַלטע פאַרשימלטע ברויטקאַרטע נישט,
אַ, איך זיץ פעסט, נישט אויף איין ערשטן מאַי —
(טיפע זאָרגן בייגן נידעריקער זײַן קאָפּ)

ערשטער פּאַליטישער
שאַ, מען גייט שוין ווידער,
אָן אומרויקע נאַכט,
מען דאַרף אַ קאָמענדאַנט.

צווייטער פּאַליטישער
זײַט איר, איר זענט דער עלטסטער,
זיצט שוין דאָ פון מיטאָג אָן.

וועכטער
(פירט אַרײַן דרײַ קרימינעלע, איינער פון זיי איז שיכור, שליסט די טיר)

ערשטער קרימינעלער
(שיכור)
גוטן אָוונט, ברידערלעך,
אַ, עס וועט פריילעך זײַן,
אַזאַ קורצע, וואַרעמע נאַכט,
וועט לײַכט אַריבער,
העי, ווער האָט פון אײַך אַ טרונק?

ערשטער פּאַליטישער
נישט קיין ברידערלעך,
נישט קיין טרונק פאַר אײַך.

צווייטער פּאַליטישער
מען דאַרף אַ קלאַפּ טון צום וועכטער,
וואָס פאַרא געמישטע געזעלשאַפט דאָ?

**ערשטער פּאָליטישער**

(קלאַפּט שטאַרק, וועכטער קומט אַרײַן)

**וועכטער**

וואָס איז? שוין?

**ערשטער פּאָליטישער**

מעלד ווו מען דאַרף, אַז מיר ווילן נישט זיצן צוזאַמען מיט
קיין קרימינעלען!

**וועכטער**

וואָס פאַרא קרימינעלע?
גלאַט פריילעכע חברה.
זײַט חברים, מאַכט נישט קיין טענה,
באַשווערט נישט אַן אַרבעטס-מענטשן די אַרבעט.

**ערשטער פּאָליטישער**

נישט אײַער זאַך!
איר דאַרפט גיין און מעלדן, ווו מען דאַרף,
אונזער ווילן!

**וועכטער**

(אין איראָנישער אַכטונג-שטעלונג)
לויט באַפעל, הער רויטער גענעראַלן!
(אָפּ)

**ערשטער פּאָליטישער**

אַ האַלבע שעה וועט מען וואַרטן רויק,
און שפּעטער וועט מען אים דעמאָנסטרירן אונזער ווילן,
די שוואַרצע מנהגים מוזן פאַרשווינדן!



**וועכטער**

(עפנט ווידער די טיר גאַנץ שטיל, וויל, מען זאָל נישט באַמערקן, פירט
אַרײַן מאַטע שטשערב. אָפּ)

**ערשטער פּאָליטישער**

(כאַפּט זיך אויף, מיט איין שפּרונג בײַ דעם קראַטקעלע אין טיר)
ווער איז דאָס שוין ווידער?
מ'האָט דאָך ערשט גערעדט וועגן עפּעס.

**וועכטער**

(שרײַט אַרײַן דורך דער קראַטקע)
שוין דער לעצטער קרימינעלער,
פון איצט אָן וועל איך פריער די וויזיטקאַרטע
צום באַקוקן אַרײַנברענגען — הער רויטער גענעראַל.

(די קרימינעלע לאַכן)

**ערשטער פּאָליטישער**

ווער דאָס איז, פרעג איך,
און איר דאַרפט ענטפערן אָנשטענדיקן!

**וועכטער**

אַ פריילעך יונגל,
מיט אַ מיידל אים געכאַפּט אינמיטן גאַס.

**ערשטער קרימינעלער**

בעסער וואָלסטו אונז דאָס מיידל אהערגעבראַכט,
איידער אָט דעם דראָנג.
(גייט צו צו דער קראַטקע)
וועכטער, אויך מיר האָבן אַ טענה,
גיב אונז דאָס מיידל אהער,
און זיי נעם צון וועכטערן!

אזיסט וועלן מיר מאכן —
מאכן אַ — טרינקשטדייקן

(די קרימינעלע לאַכן)

צווייטער פּאָליטישער
דער אינטערנאַציאָנאַל
פאַרבּרייטערט זיין מאַכט.
דריטער פּאָליטישער
עפּעס אַ מאָדנער יונג,
זאָג, ווער ביזטו אייגנטלעך?

מאַטע שטשערבּ
נישט דער, וואָס דער וועכטער האָט געזאָגט,
כאָטש מיט אַ מיידל אינמיטן גאַס האָט מען טאַקע געכאַפּט.
נישט קיין פריילעך יונגל.

ערשטער פּאָליטישער
שפּיל נישט קיין ראָל, זאָג ווער דו ביזט.

מאַטע שטשערבּ
אַ חבר, חבר, ווי איר,
אַ חבר ווי אַלע,
געווען מיט אייך אַלע צוזאַמען
אויף דעם טעאַערפּלאַץ —
אַהין מיט אַ שטאָלצן קאָפּ,
צוריק זיך אויף קניען געררוקט.

צווייטער פּאָליטישער
אָבער אונז האָט מען געצווינגען פון די בעטן אַרויס,
און דיין בעט, ווייזט אויס, שטייט נישט אין דיין אייגענער
שטוב —



מאַטע שטשערבּ
מיין בעט איז די ערד
מיינע פריינט זענען אַלע, אַלע —
און מיין חברטע טראַכט אויך אַזוי ווי איך.

ערשטער קרימינעלער
(בשעת ער רעדט, פּאַטאַקעווען אים כסדר די איבעריקע)
און וווּ האָסטו דיין פריינדין געלאָזן?
אַ געטרייער פריינט, געדאַרפט זי מיטנעמען אַהער,
מיינסט, אַז אונזערע נשמות זענען פון האָלץ?

מאַטע שטשערבּ
מען האָט זי מיר מיט געוואַלט צוגענומען,
באַזונדער זיצט זי —

צווייטער קרימינעלער
געדאַרפט נישט לאָזן, געדאַרפט מאַכן אַ געוואַלד,
פיינע מיידלעך — די יידישע –

דריטער קרימינעלער
טפו די יידישע,
נאָר רעדט און רעדט און רעדט
דו אויף איר און זי רעדט און רעדט.
אונזער איינע אָבער שווייגט —

די קרימינעלע
(פאַרטיפן זיך אַלע דריי אין אַ שמועס)

ערשטער פּאָליטישער
נו חברים, מען דאַרף אַביסל רוען,
איצט איז שוין פול,
קיין נייע וועט מען נישט ברענגען,

כאַפּט אים דער טייוול, דעם וועכטער,
איידער וואָס ווען וועט די נאַכט אַנטרינען ווערן,
דאָס פענסטער בלאָסט שוין.
(ליגן זיך מיד ווו ווער עס קען, מאַטע שטשערב בלייבט שטיין באַזונדער)

פ ע ר ט ע ר  פ אָ ל י ט י ש ע ר
אַ שטאָכוואָרט צו אַ שטאָכוואָרט,
אָבער דאָ אין תפיסה איז פאָרט אַלעמאָל איינִיקייט.

צ ו ו י י ט ע ר  פ אָ ל י ט י ש ע ר
אַז איין נאַכט איבער אַלע.

ד ר י ט ע ר  פ אָ ל י ט י ש ע ר
אָבער נישט איין פינסטערניש.

ע ר ש ט ע ר  פ אָ ל י ט י ש ע ר
דער עיקר —
איין מאָרגן פאַר אַלע. ,

פ ע ר ט ע ר  פ אָ ל י ט י ש ע ר
אַ וויגנליד, חבר, זיי נישט בייז,
ביי אַזעלכע רייד איז גוט צו שלאָפן —
אַ גוטע נאַכט, חברים!

מ אָ ט ע  ש ט ש ע ר ב
(די קרימינעלע האָבן זיך געאַמפּערט און זיך איינגעגניורעט איינער אין
צווייטן, כראָפּען, די פּאָליטישע — שטיל, ער הויבט אָן שטיל צו רעדן,
ווי וואַנזיניק, ווי צו זיך, אַלעמאָל שטאַרקער)
חברים,
שלאָפט נישט איין אין אָט דער נאַכט,
דער נאַכט פון ערשטן מאַי,
אייער נאַכט, חברים,



ווילט באַנעמען מיינע ווערטער —
איך האָב אויך אַזאַ האַרץ ווי איר.

ע ר ש ט ע ר  פ אָ ל י ט י ש ע ר
אַ שווערער פּאַרשוין,
ערגער ווי יענע.

פ ע ר ט ע ר  פ אָ ל י ט י ש ע ר
אַ ראָמאַנטיקער,
מיט אַ ראָמאַנטיקער איז שטענדיק שלעכט,
האָט אַ לויזע צונג,
און אפשר גאָר אַ פאַרשטעלטער אַזאַ,
מאַכט זיך צום נאַר.

ע ר ש ט ע ר  פ אָ ל י ט י ש ע ר
העי, חבר ראָמאַנטיקער,
זעצט זיך דאָרט, אָדער לייגט זיך אַוועק,
און שנאָרכט,
מיר זענען נישט קיין פאַרליבטע מיידלעך דאָ
אייער ליריק אויסצוהערן.

ע ר ש ט ע ר  ק ר י מ י נ ע ל ע ר
(רייבט זיך פּלוצים דורך די אויגן)
לאָזט רעדן אַ מענטשן,
שלעכטע זענט איר,
חברים — און אַזעלכע שלעכטע.
אַ מענטש וויל זיך אַראָפּרעדן פון האַרץ
דאַרף — מען — אים — הע — הער —
(שנאָרכט)

צ ו ו י י ט ע ר  פ אָ ל י ט י ש ע ר
לאָז אים חבר,

עס איז אַ פּלאַפּלער,
וועט אַביסל רעדן
און אַנדרימלט ווערן.

מ אַ ט ע ש ט ש ע ר ב

איך וועל נישט אַנדרימלט ווערן,
און נישט איינרוען מער,
איך בין איינער פון טויזנט מיליאָנען —
דורך מיינע פאַרטרוקנטע ליפּן —
רעדן טויזנט מיליאָנען —
נאָך בין איך נישט דער מאַן,
נאָך בין איך נישט דער בוים,
אָבער דער זאָמען בין איך
אָבער באַלד וועל איך וואַקסן מעכטיק אַרויף —

ע ר ש ט ע ר פ אָ ל י ט י ש ע ר

דעקט זיך איין, חברים, מיט וואָס ווער עס קען,
די אויערן פאַרשטאָפּט.
אַ רחמנות — מיט דער פויסט,
צו פאַרמאַכן אים דאָס קרעציקע מויל.
און באַלד וועט אויפגיין די זון.

מ אַ ט ע ש ט ש ע ר ב

(עס ווערט אַלעמאָל העלער און העלער. פּלוצים טוט רויטע ליכטיקייט אַ זעץ און פאַרפּלייצט די צעלע. דאָס לעמפּל אויבן לויכט אַן איבעריקס ווייטער)

חבר, איך בין דו –
נאָר דו ווייסט עס נישט,
ווילסט עס נאָך נישט וויסן.
דורך דיינע אויערן דרינגט נישט מיין וואָרט,
דורך דיינע פאַרשטעלטע אויגן
דרינגט נישט דאָס ליכט פון דער זון,



דו האָסט דיר די אויערן אַליין פאַרשטאָפּט
און ווילסט נישט מיין וואָרט,
וואָס איז דיינסן
דו האָסט די אויגן אַליין פאַרשטעלט
און ווילסט נישט פאַרשטיין דאָס רויט פון דער זון,
וואָס גייט אויף,
און ווילסט נישט פאַרשטיין, אַז דאָס רויט פון דער זון,
וואָס גייט אויף
איז דאָס רויט פון אונזער פאָן,
און ווילסט נישט פאַרשטיין, אַז דאָס רויט פון דער פאָן
איז דאָס רויט פון דיין בלוט,
און פון דיין ברודערס בלוט.
אָבער דורך דעם פאַרשטאָפּטן אויער,
אָבער דורך דעם פאַרשטעלטן אויג,
וועט דרינגען דאָס רויטע ליכט פון דער זון,
וואָס גייט אויף,
וועט דרינגען דאָס אמתע ליכט פון דעם רויטן קאָליר.
דורך דעם בלוט וועט עס גיין,
גלייך דורך דעם בלוט,
און דאָס לשון פון בלוט איז גרויס,
און אַלע מוזן פאַרשטיין
פון אַלע געדאַנקען פון דיין מוח,
חבר,
וועט דאָס זיין דער ערשטער גרויסער געדאַנק,
און פון אַלע אָטעמס פון דיין האַרץ
וועט דאָס זיין דער ערשטער גרויסער אָטעם —
(גייט צו צו די איבערגעדעקטע און רייסט די דעקן אַראָפּ)
חבר, דערזען
לערן דיך דאָס לשון פון דער זון,
לערן דיך דאָס לשון פון בלוט,
לערן דיך פון מיר,
הייליק איז די זון,

הייליק איז דאָס בלוטן
הער, ווי די זון קלינגטן
הערן די זון איז אַ געוואַלטיקער גלאָק.
קלינגט איבער אַלע פעלקער, קלינגט איבער אַלע מענטשן,
דורך דיין אייגן בלוט קלינגט זי ווילד צו דיר,
יעדע רגע הונדערט מאָל,
לייג צו דיין אויער צו דיין אייגן האַרץ,
און צו דיין ברודערס האַרץ — און דערהערן
הער איר געוואַלטיקן שאַל,
דורך דעם בלוט הער,
ווען דו קענסט נישט אַנדערש הערן,
הער דעם געוואַלטיקן שאַל
פון דעם לעצטן אינטערנאַציאָנאַל
פון בלוט
קעגן טויטן

(זיינע אויפגעהויבענע הענט פלאַמען אין רויטגאָלדענעם ליכט)

ערשטער פּאָליטישער

(הויבט זיך דראַענדיק אויף, זיין פּנים איז פינסטער און בלייבט אין שאָטן)

דאָס איז אַלץ דערפאַר, ווייל מען איז געוועזן פויל
און נישט באַלד פאַרמאַכט דאָס קרעציקע מויל
מיט אַ פויסטן

(גייט צו נענטער און פול רציחה צו מאַטע שטשערבן — פלוצים און נאָך געוואַלטזאַמער פאַלט דער פאָרהאַנג)

